# סוכות־נומער.

№ 40—41. צווייטער יאהרגאנג.

יודישע

# פאלקס־צייטונג

2 October 1903. פערלאג „פאלקס־בילדונג" ווארשא. י"א תשרי תרס"ד.


**אינהאלט:** סוכות – זמן שמחתנו; משה ליב ליליענבלום. – סוכות; ש. צ. זעצער. – סוכות אדער חג האסיף; ש. טש; – שמחת־תורה (א בילד); שלום־עליכם. – ביי דער נאכט הושענא רבה... (לעגענדע); ד. פרישמאן. – פארשפעטיגט (א סוכות'דיגע ערצעהלונג); אברהם רייזען. – א ברויערישער שמחת־תורה (א בילד); שלום אש. – צעקריגט; יהודה שטיינבערג. – אין איין סוכה (ערצעהלונג); מ. ערליך. – א סוכות ליעד'ל (שיר); יעקב פיכמאן. – בעריש; מ. ספעקטאר. – פאליטישע ענינים. – נייעס פון דער וועלט. – דער אומגליק אין האמעל; ש. בערמאן. – מודעות.

**פעליעטאן:** אונזער חברה'לע (א מאנאלאג); שלום אש. – די בעסטע רפואה; ד. פרישמאן.



משה על הר העברים (משה אויף דעם בארג עברים)

# צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

## דעם נומער 39

האט זיך געענדיגט דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-צייטונג נאר אויף דריי פיערטעל יאהר און בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס-פרייז אויף דעם לעצטען פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכמ'ס ווערק אויף ראטען, דארפען איצטער צושיקען

## די לעצטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע „4 בענדער פון שלום עליכמ'ס ווערק" 2 רובל, אדער 50 קאפ' פאר יעדען באנד מיט פארטא.

**אינהאלט פון ערשטען באנד:**

I. דער ערשטער ארויספאהר. איין אמת'ע מעשה ווי אזוי צוויי יונגע פייגעלעך, וואס האבען ניט אנגעקוקט רעכט די ליכטיגע שיין, פליהען ארויס דאס ערשטע מאל אויף גאטס וועלט.

II. דאס מעסער'ל. א טרויריגע געשיכטע פון די קינדער-יאהרען.

III. טביה דער מילכיגער. דריי ספורי מעשיות.

1) דאס גרויסע געווינס.

2) א בוידעם.

3) היינטיגע קינדער.

IV. אויפ'ן פידעל. א מעשה.

**אינהאלט פון צווייטען באנד:**

**מעשות פאר יודישע קינדער:**

I. חנוכה געלד,

II. אהשירוש,

III. פארשטערטער פסח,

IV ל"ג בעומר,

V. די פאהן,

VI. ראבטשיק,

VII. מתישלח,

VIII. דער זייגער,

IX. סענדער בלאנק (ערצעהלונג).

### דער דריטער באנד וועט אין גיכסטען צעשיקט ווערען.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנעמענטס-פרייז ניט שפעטער פון 1-טען אקטאבער, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערן.

## די אדמיניסטראציע.

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) די „פרעמיע" אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון ש״ום עליכם״: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר׳ אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל אונ דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע צײַלה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע
# פאלקס־צייטונג

א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן אונ אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון ש״ום עליכם״: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק.
האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעל־יעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

2 October 1903. Nr. 40—41. י״א תשרי תרס״ד.

דאס בלאט
„יודישע פאלקס־צייטונג“
פון ערשטען אקטאבער ביז סוף יאהר צוזאמען מיט
„שלום עליכם׳ס אלע ווערק“ 4 בענדער
קאן מען אויסשרייבען
פאר 3 רובל מיט פארטא.

## סכות — זמן שמחתנו.

מע דערצייהלט, אז אמאל האט מען איין אקטיאר אויף דער סצענע געגעבען צו וויסען, אז זיין פרוי איז גאר וואס געשטארבען. נאר ער האט ניט געקאנט אוועקוואַרפען די סצענע אין מיטען דעם שפיעל אונ האט געמוזט מיט א צעבראכען הארץ טאנצען, זיך לוסטיג מאכען אונ זינגען, אזוי ווי עס וואלט גאר נישט געוועזען.

אין דער לאגע פון דעם דאזיגען אקטיאר זענען מיר יודען היינט אין אונזער נאציאנאל־יום־טוב סכות. די תורה האט אונז געהייסען פרייהליך זיין אין דעם יום־טוב, אין אונזערע תפלות הייסט סכות זמן שמחתנו, אונ מיר זאמלען זיך צונויף אין די שוהלען, אין פריוואט־הייזער, מיר זינגען, פרייען זיך, נאר איטליכער פון אונז פיהלט בשעת מעשה, אז דאס איז עפים א געמאכטע זאך, זיך אנגעטאן א כח, בשעת אינוועייניג אין הארצען איז קאלאמיטנע.

פסח הייסט ניט זמן שמחתנו, מען זינגט ניט, מען טאנצט ניט, אונ דאך פיהלט עס זיך אין הארצען פרייהליך, אויפגעלעגט. ווי שווער דער פסח קומט ניט אן דעם ארימען יודען, פיהלט ער אין דעם יום־טוב א נשמה יתירה, איין אינערליכע שמחה. די נאטור הייבט אן בעלעבט צו ווערען, אומעדום איז ליכטיג אונ פריש, אראבגעווארפען אויף א גאנצע וואך די דאגות — אונ דאס הארץ איז צופרידען. די נאציאנאלע זייט פון פסח איז נאך ליכטיגער אונ פרייהליכער: מיר דערמאהנען זיך, אז מיר זענען בעפרייט געווארען פון פרעה׳ס יאך, פון דער שקלאפעריי אין מצרים.

שבועות הייסט אויך ניט זמן שמחתנו, פונדעסטוועגען פיהלט זיך אין איהם זעהר אנגענעהם, חאטש ניט אזוי פיעל ווי אים פסח. נאר גראד אין דעם יום־טוב פון אונזער זמן שמחתנו פיהלט זיך עפּיס וואלקענס אויפ'ן הארצען. די שיינע נאטור האלט ביי דער גסיסה, די טעג זענען קליין, די ביימער פארלירען זייערע בלעטער. אין דער טיר קלאפט דער קאלטער, טרויעריגער ווינטער מיט זיינע ספּעציאלנע הוצאות. דערצו מוזען זיך נאך א סך באלד שיידען מיט זייערע זיהן — אונ אין אזא לאגע געה פרייה זיך אונ זיי לוסטיג!

אויך די נאציאנאלע זייט פון דעם יום־טוב איז אונז במעט דונקעל: „אונזערע עלטערן זענען געזעסען איןביידלעך". נאר אונזערע עלטערן אליין זענען דערפון ניט גליקליך געוועזען אונ פאר אונז איז א ודאי אלע איינס, אויב אונזערע עלטערן זענען געזעסען אין ביידלעך אדער ערגעץ אנדערש.

נאר אונזער תורה איז ניט שולדיג אין דעם, וואס מיר האבען קיין שכל ניט געהאט אבצוהיטען אונזער לאנד, אונזער זעלבסט־שטענדיגקייט, אונ מוזען דערפאר פארברענגען א פינסטער לעבען אין גלות! אין אונזער לאנד, אין ארץ ישראל, בשעת מיר האבען געלעבט אין איהר ווי א פאלק, איז סכות באמת געוועזען דער פרייהליכסטער יום־טוב.

ארץ ישראל האט ניט די האלבייעהריגע אומעטיגע נאכט, וואס הייסט ביי אונז ווינטער, אונ די נאטור שטארבט דארט ניט אב אין סכות־צייט. פארקעהרט, נאך דעם ווי אין תמוז, אב אונ אלול ווערד די גאנצע נאטור מיד פון די טרוקענע היצען אונ אלעס איז אזוי ווי אויסגעדארט, ווערד זי באלד נאך סכות אבגעפרישט פון די רעגענס אונ אין טבת הייבען שוין אן פעלדער ווערען גרין אונ פיעל ביימער ווערען בעדעקט מיט זייערע שיינע בליטען. דער ווינטער אליין איז ווארעם, פריש אונ האט ניט דאס בעוויינטע פנים וואס ביי אונז, אונ דערפאר איז ניט דא קיין שום סבה, עס זאל זיך פיהלען אין סכות־צייט קאלאמיטנע. אונ אז אונזערע עלטערן זענען איבערגעקומעז די היצען פונ'ם זומער, אראבגענומען פון די פעלדער זייערע תבואות, פון די ביימער זייערע פירות אונ האבען זיך אנגעגרייט זייער פרנסה אויף דעם גאנצען קומענדיגען יאהר פאראויס — האבען זיי א ודאי געהאט וואס פרייהליך צו זיין! קיין דאגות פרנסה איז ניט דא, די גרויסע היצען הערען אויף, די נאטור וועט באלד אבגעפרישט ווערען, איז טאקי זעהר אנגענעהם צו זיצען עטליכע טעג אין ביידלעך, אין סכות, אונ דערמאהנען זיך בעת דעם גלענצענדען לעבען, אז ניט אלע מאל איז אונז אזוי גוט געוועזען, אז אונזערע עלטערן אין דער מדבר האבען קיין היים ניט געהאט, געוואנדערט פון איין ארט אין דעם אנדערען אונ אומעדום געמוזט וואהנען אין פאלאטקים אונ אונז איז בעסער ווי זיי: מיר זענען היימישע בירגער, בעלי־בתים אין איין איינען לאנד, איינענע פעלדער, איינענע וויינגערטנער אונ איינענע הייזער!

אונ מען איז געזעסען אויך אין איינענע סכות, אויף די פעלדער; ניט ווי איצט אין געדונגענע דירות, וואו צעהן שכנים קלייבען זיך צונויף אין איין סכה אונ איינער האט מורא דער אנדערער זאל איהם אין טעלער ניט אריינקוקען, וואו פאר ענגשאפט דארפען די פרויען בלייבען אין שטוב אונ עסען אבגעריסענערהייט פון דער גאנצער פא־מיליע, לאזען פאר זיך דאס ערגסטע, כדי דאס בעסטע אונ שענסטע זאל מען שיקען אין סכה, פון לייטענס וועגען, — נאר יעדער אין זיין איינענער סכה, מיט ווייב אונ קינדער צוזאמען, אהן שכנים, אהן בייזע אויגען, אונ עס איז געוועזען באמת פרייהליך, פרייהליכער פון פסח אונ פון שבועות, ווען מען האט נאך ניט געהאט דאס ברויט אין שטוב אויף א גאנץ יאהר.

דעמאלט איז סכות מיט רעכט אונ אין דער ווירקליכקייט גע־וועזען זמן שמחתנו!

ומפני חטאינו, איבער אונזערע שרעקליכע זינד, וואס ביי אונז איז קיין פאליטישע אחדות ניט געוועזען, וואס יעדע פארטיי האט געשטעלט איהרע מיינונגען העכער פון די פאליטישע אינטערעסען

# פעליעטאן.

## אונזער חברה'לע.

(א מאנאלאג).

מיר זענען ארימע חברה־לייט, מיר ווע̇לען זיך נישט שעמען, וואסער־טרעגער פשוט'ע, אונ אונזער חברה'לע איז ארים, אונ אונזער ספר־תורה'לע איז ארים. נישט געפוצט נישט געשמיקט, א פשוט'ע.

א גאנצע וואך זענען מיר דאך פארנומען, ארבייטס־מענשען... צרות איבערן קאפּ; אבער שבת, זעהט איהר, דארט אין דער חברה...

אונזער חברה'לע אונזער ספר־תורה.

— נאט'ס א פאלק, נישט קיין רייכס, אבער ווי ווייט מען קאן טוט מען דאך איהם צוליב.

ר' טוביה דער צווייטער שוחט, א שיינער יוד, וואס ניין? — אונזער חזן. ר' גבריאל מלמד — אונזער רבי, צעהן גולדען א חודש, אונ יעדען שבת נאכ'ן דאווענען — מיר זענען הונגעריג — דאך שטעהען מיר, אונ מיר הערען אוים וואס דער רבי לערנט מיט אונז.

אונזער'ס א חברה־מאן, פיהלט זיך גוט אין דער חברה. אין שטארט'ס זאכען, א חזן אויף צו נעמען, למשל, אדער א שוחט, וועט מען דאך א נאש בראט קיין דעה נישט פרעגען. קיין עטאש צאהלט ער נישט אונ קיין דעה האט ער נישט; חאטש די שוהל קעדר זיך מיט אונז אן פונקט אזוי ווי מיט זיי; אונזערע טאטעס האבען פונקט אזוי די ציגעל געברענגט ווי זייערע טאטעס, אונ א ווייב אונ א קינד האבען מיר אויך, אונ אויף א שטיקל פרנסה דארף א נאש בראט אויך בע־טען, וואס ניין? איז דאך גאט פונקט אונזערער ווי זייערער... נאר גנה שריי חי וקים, אז דו האסט קיין געלד נישט. פאר דעם האבען מיר זיך אונזער שוהלכ'ל, אונזער ספר־תורה'לע אונ אונזערען חזן.

יעדער חברה'מאן צאהלט צעהן גראשען א וואך, געלד איז דא, אונ קיין פרעמדע בעל הדעות דארפען מיר נישט.

אונ אונזער איינער איז זיך דארט פאר זיין געלד א שיינער בעל־בית. אין גאס, למשל, אונזער'ס איינער, וואס איז ער משטיינס געזאגט? שלעפּט זעק מעהל אונ ווייטער פּטור, איינער רייסט דעם צווייטען אב די נאז ביי א זעקל מעהל, וואס קאן מען מאכען? פרנסה ברידער! אין דערהיים איז אודאי צרות, דער קעלער קאלט אונ ווילגאטש, די קינדער איינס וויינט ברויט, דאס צווייטע איז קראנק, אונ די יודענע, נאט איינער, די יודענע! אבער פאר דעם, אז עס

פונ'ם גאנצען פאלק, וואס מיר האבען זיך צעריסען אויף יהודה מיט אפרים. אויף צדוקים אונ פרושים, אויף חברים מיט עמי הארץ, וואס ביי אונז איז רעכט געוועזען זיך אונטער צו ווארפען די רעמער צוליב צוויי ברידער טויגעניכטען, וועלכע האבען זיך די ירושה ניט געקאנט צעטיילען, וואס מיר זענען פארזונקען געווארען אין קלייניגקייטען אונ אמאל אויך פוסטע זאכען, וועלכע האבען ניט קיין שום שורש אין דער תורה אונ ניט געקוקט וואס ארום אונז טוט זיך—מיט איינעם ווארט: דערפאר וואס מיר האבען ניט געקאנט אונזערע פארטייאישע זאכען ברענגען פאר א קרבן פאר דעם גאנצען פאלק—גלינו מארצנו, זענען מיר פארטריבען געווארען פון אונזער לאנד. אונ צוזאמען מיט אונזער גאנצען נאציאנאלען לעבען האט אויך אונזער שיינער פרייה־ליכער יום־טוב סכות פארלארען זיין גלאנץ!

מיר האבען אבער ניט געוואלט, אז דער הייליגער נאציאנאל יום־טוב זאל האבען א פנים בלויז ווי א זכר לחרבן, אונ מיר האבען זיך מתחכם געוועזען אונ איהם געמאכט פאר א יום־טוב פון סיום התורה. מיר האבען אזוי איינגעטיילט די סדרות פון דער תורה, אז די לעצטע פון זיי זאל אויסקומען לייענען סכות־צייט, אונ מיר האבען אומיסטנע אבגעלעגט זי אויף דעם לעצטען טאג סכות, וועלכען מיר האבען א נאמען געגעבען שמחת תורה. אינ'ם גלות, וואו פון אלעמען, וואס מיר האבען אמאל געהאט, איז אונז געבליבען נאר די תורה, איז ביי אונז געוועזען א גרויסע שמחה, אז מיר האבען זי דורכגעלייענט ביז אין דער ענדע, ביז „לעיני כל ישראל". הונדערטער יאהרען, אזוי לאנג מיר אליין האבען געלעבט נאר מיט רוחניות, האט די דאזיגע גייסטיגע שמחה געהאט א גרויסען ווערט, אונ סכות איז געבליבען זמן שמחתנו. איצט אבער אז רוחניות פארנעמט ניט קיין גרויס ארט אין אונזער לעבען, אז ניט פיעל פון אונז מחמת גרויס פארגניגען, אונ פיעל, זעהר פיעל פון אונז מחמת נויט אונ ליידען, האבען אנגעהויבען צו פיהלען די נייטיגקייט פונ'ם מאטעריעלישען לעבען, האט שוין אויך די גייסטיגע שמחה פון סיום התורה בעקומען א טרויעריג פנים. דאס לעבען האט אונז מיט געוואלד אבגעריסען פון דעם רוחניות, מען לערנט שוין ניט ווי אמאל, די בתי מדרשים זענען פוסט, ישיבות, זעהר ווייניג, א לער־נער הייסט דאס איינענע וואס א בטלן, בעלנים אויף דער תורה זענען זעלטען, אונ אויף די וואס לערנען שוין יא געהען אוועק לסוף אין צוויי קאנטראסטיגע וועגען: איינע ווארפען אוועק דאס לערנען מיט כעס אונ שנאה אונ פארקריכען אויף יענער זייט פון הרי חשך, אונ די אנדערע קארטשען זיך איין אין זייערע ענגע פיער איילען, בלייבען פארווילדעט, אונ דאס פאלק קאן פון זיי ניט האבען דעם נוצען, וואס זייערע געלעהרטע דארפען איהם געבען.

אזוי איז ביי אונז געבליבען איצט דער יום־טוב סכות דער זמן שמחתנו, אהן א נאטירליכע, מאטעריאלישע שמחה אונ אהן א גייס־טיגע שמחה!

פרייהען זיך באמת, פיהלען א שמחה מיט'ן גאנצען הארצען, קאן נאר א געזונטער; א קראנקער, בעת ער איז קראנק אויף אלע גלי־דער, קאן זיך ניט פרייהען. קראנק איז אונזער פאלק אפילו שוין גאנץ לאנג, נאר אין דער לעצטער צייט האט ער בעזאנדערס אנגעהויבען פיהלען זיין קראנקהייט, אונ די קראנקהייט אונזערע וועט ניט אויסגע־היילט ווערען ביז מיר וועלען ניט קומען צו דעם שטאנד, אין וועלכען מיר זענען געוועזען אין אונזער ארץ־ישראל, אין אונזער היסטארישע היים. אז מיר וועלען זיך אומקעהרען אין דעם לאנד פון אונזערע על־טערן, אז מיר וועלען דארטען פיהרען א נאטירליכען, געזונטען לעבען, וועלען מיר זיך אויך קאנען פרייהען, ווי אלע געזונטע פרייהען זיך, אונ אז מיר וועלען סוף זומער, נאך דער ארבעט אין די דארטיגע היצען, זיך אויסרוהען אין אונזערע סכות אויף אונזערע פעלדער אונ דערצו נאך דערמאנען אין פריידען, אז מיר האבען געוואנדערט מעהר אלס אכטצעהנהונדערט יאהר אינ'ם גלות־מדבר אונ אומעדום געהאט נאר פלאטקעס — וועט דער יום טוב סכות ווידער ווערען איין אמת'ער זמן שמחתנו!

__________ משה ליב ליליענבלום.

---

קומט שבת, א יום טוב, טוט זיך א נאש בראט די קאפאטע אן, שמירט זיך די שטיוועל מיט אייל אוים אונ האלא אין דער חברה.

פיער לאנגע טישען, דריי לייכטער אויף א טיש, איך זאל אזוי לעבען. אין מיטען חברה האסט דו דיר איין „אלמעמאר", זאג איך דיר, א נייעם, א צאצקע, אליעזר דער סטאליער האט איהם געמאכט, 5 קאר־בוינים קאסט ער, תלעבען. טאקי דאס א־ון קודש'ל הינקט א ביסל צו, מילא וואס קאן מען מאכען, ברודער, אז גאט ניט אונז ג־ט מען א־הם... וועט מען זיך אם ירצה השם פאר'ן „אלמעמאר" אויסצאהלען, וועט מען איין ארון קודש'ל שטעלען. אבער דעם ספר תורה'לע האט מען עך חיימ'ס געקויפט, אונ א ניי העמדל אונ אויף יום־טוב האט מען די זיל־בערנע יד אויסגעלייזט, וואס זי איז געוועזען פון גרויסען אומגליק אן פארישב'ט ביי אפרים קינדער האבען, אונ דער גאסטעניגער בחור האט אונז א „מזרח'ל" אויסגעמאלט, אין בית־המקדש צו שטעלען, וואס מען קאן—מאכען מיר.

אונ די גבאים. ביי אונז זענען נישט קיין מחלוקות, חאטש ארימע „וויראבניקעס"—דאך פאריאדעק איז. אין דער חברה „תמימי דרך"—פריצים זענען אלע, ווילען זיי גבאי ווערען. מיר, מיר האבען זיך אונזער קלפי, אונ יעדען סכות, אסרו־חג אויף דער נאכט, קומט מען זיך צו־זאמען אין חברה, דער רבי שרייבט אויף קוויטלעך יעדען חברה־מאנס נאמען, מעג ער זיין ווער ער איז, יעדענ'ס, די קוויטלעך לעגט מען אין א כאפל אריין, אין א צווייט קאפל לעגט מען ווייטער לע־דיגע קוויטלעך אריין, מיט דריי אייפגעשריבענע מז"ט „גבאי ראשון", מז"ט „גבאי שני" מז"ט „גבאי שלישי", אונ אויף וועמען דער גורל פאלט, וועמען גאט באגליקט, דער זאל זיך זיין גבאי געזונדערהייט, קיין האהן וועט נישט קרייהען!

אין דעם גבאי הערט מען, ווער עס הערט נישט—אוים חברה־מאן, אויף דער וואנט הענגט למשל א צעטעל: „מען זאל זיך נישט דערוועגען צוריהרען צום „ברעטעל", אז דער גבאי וועט נישט הייסען". אונ די שטעה דיר, דאס הארץ געהט דיר אוים פאר א מנחה'לע, פאר א קדושה'לע. אבער אז דער גבאי הייסט נישט—איז „פערפעל" ברודער, פערפעל! זעהט איהר, למשל, אויף סכות, דארף מען איין אתרוג'ל. יעדען ערב יום־כפור געהט דער גבאי ארום אונ נעמט צו זאמען אויף אתרוג־געלד, אונ יעדער גיט וויפיל ער קאן, אונ איהר מוזט וויסען, אז דער עיקר איז א שיינעם אתרוג, ווארום, ברודער, האסט דו א שיינעם אתרוג—איז דיר א גאנץ יאהר שיין, איז אבער נישט... דענסמאל, ברודער... אונ ווידער, גוטער ברודער, מיט וואס קענען מיר גאט דיענען? מיט א פרק משניות, וואס מיר קענען נישט? אז נישט מיט א שיינעם אתרוג.

# סֻכּוֹת.

אוועק דער שיינער זומער; די הימלען ווערען פון טאג צו טאג שווארצער און שווערער. אין דער לופט פיהלט זיך ווי עפּיס שרעק־ליכעס: אט אט קומט דער ווינטער און וועט פארפרירען אלעס וואס לעבט; אט אט קומט דער ווינטער און נעמט אוועק אין גאנצען דאס שיינקייט, דאס רייכקייט, וועלכע בעלעבען און בעפרישען, פולען אן אלעס וואס אין דער נאטור מיט האפנונג, לעבען און חשק צום לעבען.

שוין אין די קולות פון׳ם שופר, א גאנצען חודש אלול, הערט זיך ווי עפּיס א געוואלדיגער, א מורא׳דיגער געשריי פון׳ם אבגעשטאר־בענעם לעבען; א טיעפער פּראטעסט־געשריי, א קול פון מלחמה צווי־שען לעבען און טוידט.

און צייטענווייז הערסט דו אין דעם קול דעם רעש פון׳ם בייזען ווינטער־ווינט, גלייך ווי ער וואלט וועלען אויסרייסען אין גאנצען דאס לעבען און פארטראגען ווייט, ווייט...

און איין אימה און א פּחד פאלט דענסטמאל אן אויף דיר.

און איין אימה און א פּחד פאלט דענסטמאל אן אויף אלע יודען.

די שרעקליכע קולות פון׳ם שופר וועקען זיי אויף, בעלעבען זייערע פארשטיינערטע הערצער, ריהרען אויף זייערע פארשלאפענע מוחות.

און דענסטמאל הייבט זיך אן א חודש פון „חשבון הנפש".

יודען הייבען אן דענסטמאל בעטראכטען זייער שווערע לאגע, אין וועלכע זיי געפינען זיך. יודען הייבען אן פיהלען דענסטמאל אין גאנצען די צרות, וואס זיי לעבען איבער א גאנץ יאהר, זיי הייבען אן דענסטמאל ערשט פיהלען די שווערינקייט פון׳ם יודישען פּעקל, וועל־כען זיי האבען געטראגען א גאנץ יאהר אויף זייערע אויסגעדארטע פּלייצעס.

און א קוואל פון טרערען עפענט זיך אויף דענסטמאל אין די אויגען פון דער גאנצער יודישער אומה. דאס גאנצע יודישע פאלק וויינט. א גאנצער חודש פון בלוים וויינען און קלאגען, פון זאגען „סליחות" און „תפלות". א גאנצער חודש פון „תהלים זאגען" און „קברים רייסען".

א גאנצער חודש פון הכנות צו די „ימים נוראים": „ראש־השנה" און „יום כפור".

און דאס יודישע הארץ איז דענסטמאל געפרעסט, פול מיט שרעק און מורא פאר דעם „יום הדין. די גאנצע יודישע אומה ציטערט און פלאטערט, גלייך ווי אלע הימלען הענגען איבער איהר קאפּ און אט, אט לאזען זיי זיך אראב...

און די ימים נוראים געהען אוועק און ס׳קומט אן דער יום־טוב סכות. נאר פרייהליכער און גרינגער ווערד דענסטמאל אויך ניט. דאס יודישע הארץ בלייבט געפרעסט ווי פריהער.

ס׳איז נישט דא נאך אזא יום־טוב ביי יודען, וועלכער זאל זיי קענען דיענען אלס סימבאל פון זייער לאגע אין גלות, ווי דער יום־טוב סכות.

אט דער יום־טוב דערמאנט זיי דעם גאנצען שרעקליכען וועג, וועלכען זיי זענען אויסגעגאנגען צייט זיי זענען פארטריבען געווארען פון זייער לאנד און וואנדערען ארום פון איין ארט אויף דעם אנדערען ווי קין, ווען ער האט געהרג׳עט זיין ברודער הבל.

ניט לאנג האבען זיי גערוהט אויף איין ארט. ס׳האבען זיך שטענדיג געפונען בעלי בתים פון יענער וועלט און האבען זיי דערמאנט, אז זיי זענען שכנים אויף דער וועלט. ס׳האבען זיך שטענדיג געפונען שלעכטע און גראבע הענט, וועלכע האבען געוואר־פען און ארום געיאגט דאס פארמוטשעטע, אומגליקליך פאלק.

און ווען מ׳האט זיי געגעבען ערגיץ א שטיקל ארט, האט מען זיי געגעבען ניט ווי מען גיט אליץ מענשען. אין א סכה האט מען זיי פארשפּארט. א סכה, וועלכע האלט ד׳ על ד׳, האט דריי וועגט,

---

און פאר וואס נישט? וואס, מען טאר נישט? אונזער געלד איז אפשר קיין געלד נישט? הא?

באלד נאך יום־כפור געהען מיר מיט אונזער רבי צו ר׳ חיים דוד דיין אויסקלויבען זיך איין אתרוג׳ל. ר׳ חיים דוד דיין איז זיך א ודאי א עהרליכער יוד.—ער האנדעלט מיט אתרוגים—דאך ברודער יעדער קוקט פאר זיך, ער בעהאלט זיך די „ממתקים׳לעך" פאר די נגידים, מיר חברה „יגיע־כפּים"—אי, עס שאדט נישט, ארימע לייט, וועלען מיט אזא אתרוג אויך יוצא זיין.

און דער גבאי בעט איהם:

— ר׳ חיים דוד, מיר זענען פּראסטע יודען, מיר פארשטעהען זיך נישט אויף די זאכען, מיר געבען דיר אזוי פיעל און אזוי פיעל איז גיב אונז איין אתרוג׳ל, א זאלכעס, ברודער לעבען, וואס מיר זאלען זיך נישט האבען מיט וואס צו שעמען.

נעהט מן הסתם, אזא חיים דוד, און גיט אונז איין אתרוג׳ל. מיר געבען א קוק — „נישט קיין סחורה", עפּיס א ביס׳ל „גרינדליך" און „הויקערט" צו; ווייזט אונז א צווייטען „בחור"—קיין לייט נישט.

דער גבאי בעט זיך:

— ר׳ חיים דוד לעבען, קרוין, מיר וועלען דיר באצאהלען ווי פיעל די ווילסט, גיב אונז עפּיס רעכטס!

און ער ענפערט זיך:

ניט נאר א קוק! איהר וועט מיט אזא אתרוג אויך יוצא זיין, נישט קשה, נישט קשה. דער גבאי קומט צו לויפען: קומט ברידער!

און וואס קלערט איהר? מיר געבען א קום אריין—אלע, פון קליין ביז גרויס צו ר׳ חיים דוד, און מיר גיבען זיך אלאז זוכען! ר׳ חיים דוד, שרייט, שעלט—נאר דער קאטער הערט איהם, מיר צע־ווארפען די קאסטען, און מען קלויבט אויס, און מען גיט אונזערן רבי א דורך צו קוקען און וואס קלערט איהר? דעם בעסטען „העכט" האבען מיר געפּאקט, אויף מיינע נאמנות—דאס שענסטע, פאר׳ן רב האט ער געהאט בעהאלטען.

מיר האבען איהם גוט בעצאהלט, דריי רובל מזומנים, מיר דארפען דען חלילה, אז עס זאל ווער אונז געבען בחנם?

שלום אש.



וועלכע ס'איז בעדעקט פון אויבען מיט שטרוי און דערנער — איז שוין גענוג פאר יודען. מעהר דארפען זיי ניט.

און די יודען אליין האבען שוין אויך כמעט ווי געפועל'ט ביי זיך, אז זיי זענען מעהר ניט ווערט און דארפען ניט האבען דאס וואס דארפען האבען אלע אנדערע לעבעדיגע מענשען. זיי האבען זיך בעגנוגט מיט זייער איינגעפאלענער און צעבראכענער סכה. און פארמאטערטע און פארחלש'טע, אהן לופט און אהן ליכט, זענען זיי געזעסען אין זייער סכה, ווייט און אבגעזונדערט פון דער נאטור און לעבען. אויף גאט'ס ברייטער און שיינער וועלט האבען זיי געקוקט דורך די דורכגעלעכערטע ווענט פון זייער סכה. אויף גאט'ס ריינע און שיינע הימלען האבען זיי געקוקט ביי נאכט דורכ'ן שיטערען דאך איהרען. זיי האבען געוואוסט, אז דאס אלעס איז ניט פאר זיי...

און מיט שרעק און פחד זענען די יודען געזעסען אין זייער איינגעפאלענער סכה, מיט שרעק און פחד פאר די בייזע ווינדען, וועלכע רעש'ען אין דער לופט און אט, אט ווארפען זיי איין די צעבראכענע סכה; מיט שרעק און פחד פאר די האגעל-שטיינער, וועלכע פאלען אריין אין דער סכה דורך דעם שיטערען שטרויענעם דאך.

יא. ס'איז נישט דא נאך אזא יום-טוב, וועלכער זאל קענען אונז דיענען פאר א סימבאל פונ'ם גאנצען יודישען גלות ווי דער יום־טוב סכות. ווען מיר געבען א קוק אויף דער סכה, זעהען מיר פאר זיך דאס גאנצע לעבען פון אונזער פאלק.

גאר ניט צו גיסען טרערען, ווערען געפאלען ביי זיך, פועל'ען ביי זיך שטענדיג לעבען אזוי ביטער און געמוטשעט, דארף אונז ברענגען דאס איינקוקען זיך אין דער „יודישער סכה". ניין. דאס וואס מיר ווייסען קלאר און דייטליך דאס מזל פונ'ם יודישען פאלק; דאס וואס מיר פיהלען שטארק אין גאנצען דאס שווערקייט און ביטערקייט פון זיין לאגע; דאס וואס מיר קוקען זיך איין אין דעם אומענשליכען לעבען זיינעם דאס אלעס דארף אין אונזערע אויגען פארמיאוס'ען אזא ארט לעבען און דארף ביי אונז ארויסרופען א שטארקען ווילען זיך צו ראנגלען פאר א בעסער לעבען.

זאל יעדער פון אונז זיך איינקוקען אין דער סכה; זאל יעדער פון אונז בעטראכטען דענסטמאל דעם גורל פון אונזער אומגליקליך פאלק און זאל זיך דענסטמאל בעגייסטערען מיט א גרויסען און שטארקען רצון, אז דאס יודישע פאלק זאל שוין אויפהערען ארומ־וואלגערען זיך אין צעבראכענע, איינגעפאלענע סכות.

און ווען דאס גאנצע יודישע פאלק וועט פארמיאוס'ען אין דעם סכה-לעבען און וועט שטרעבען צו איין אנדער לעבען, צו א בכבוד'יגען לעבען אויף א בכבוד'יג ארט, דענסטמאל וועט זייער האפנונג געוויס ערפילט ווערען.

איין אידיאל פון א גאנץ פאלק ווערד ניט פארפאלען. און דענסטמאל ווען אונזער פאלקס-אידעאל וועט אויסגעפיהרט ווערען; ווען מיר יודען וועלען אויפהערען לעבען א סכה-לעבען און מיר וועלען לעבען ביי זיך אין דערהיים — דענסטמאל וועט ווידער האבען דער יום־טוב סכות א היסטארישע בעדייטונג פאר אונז, ווי ער האט געהאט פאר אונז דענסטמאל ווען מיר זענען געזעסען אין ארץ־ישראל; דענסטמאל וועט ער ניט דיענען פאר א סימבאל פון דער יודישער לאגע אינ'ם היינט, נאר פאר א זכרון פון לאנג פאר־גאנגענעם געכטען.

דענסטמאל וועט אונז דער יום־טוב סכות פיעל, פיעל דער־צייהלען וועגען דער צייט, אין וועלכער אונזער גאנצער שטרעבונג איז געוועזען: ארויס פון דער סכה.

ש. צ. זעצער.

---

## סכות אדער חג האסיף.

קיין יום טוב דערמאנט אונז ניט אזוי דעם גליקליכען, צופריע־דענעם דארפיש־לעבען ווי סכות.

סכות איז דער יום טוב פון די שותפים פון דער נאטור, דאס

---

## די בעסטע רפואה.

א יודיש מיידל, א ביסל שוין אלט,
איז קראנק געווארען א מאל --
(נאר שא, מיינע לעזער, נאר שרייט נישט געוואלד!
ביי מיר איז נישט דא קיין סודות!
איך רעד דא, פערשטעהט איהר מיך, אודות
די יודישע ליטעראטור!)
געווארען ביי איהר דאס פנימ'ל שמאל
און שפיציג די נאז;
געווארען ווי פוטער די ליפעלעך ווייך,
געווארען די באקען ווי קרייד אזוי בלייך;
קיין בלוט נישט געוועזן קיין איינציגער טראפען,
דער אטעם א קורצער, אין הארצען א קלאפען,
און מאט די גלידער און שלעפריג נור
ביי טאג און ביי נאכט;
די אויגען פארשטארט און פונקט ווי גלאז
און האלב פארמאכט —
איהר קענט די סימנים? — בקיצור,
דאס מיידל איז, זעהט איהר, ווי איבערגעביטען;
אוי, נאט דו בעשיצער!
דאס מיידל האט, זעהט איהר, אין בלייכזוכט געליטען...

געוואלד, רופט דאקטוירים!
(נאר שא מיינע לעזער, נאר פאלט נישט קיין כורעים:
זיי זענען דאך אויך נאר א בשר־ודם!)
דא זענען געקומען צו פליהען ווי שוואלבען
מיט פלעשעלעך, פלעסטערלעך, מאשטשען און זאלבען
א גאנצע מחנה:
דער דאקטאר רב צץ, די שפרעבערקע יאכנע,
דער דאקטאר רב הץ, און דער און יענער;
וואס איינער רק קלוגער, וואס איינער — מעהר קענער,
און נעמען זיך אלע — אזא מזל און ברכה! —
צו די ערליכע מלאכה:
דער איינער מאכט בים, דער צווייטער מאכט באם,
מאכט איינער בחצוצרות, מאכט רש"י טראמפייטער,
ניט דער א קמיע, ניט יענער א סגולה,
איז דער נאר א יועץ, איז יענער א מאכער;
און קנייטשען דעם שטערען,

זענען די מענשען, וואס גיבען אריין זייערע קרעפטען אין דער מוטערערד, כדי ארויסצונעמען פון איהר די אוצרות, וואס ליגען אין איהר בעהאלטען און וואס אהן זייער ארבייט וואלט זי עס קיינמאל ניט ארויסגעגעבען.

מיר קענען מעהר נישט ווי פארשטעהן, אבער ניט פיהלען די צופרידענהייט פון דעם יודישען ערד־ארבייטער אמאל סוכות־צייט. ער זעהט מיט זיינע אויגען די נאטירליכע ענטוויקלונג. די ערד ווערד ביסלעכווייז בעדעקט מיט גרינס, פון די גרינס ווערען זאנגען, די זאנגען זענען פריהער פוסט און שאקלען זיך ארום פון ווינד, דערנאך ווערען זיי פולער און פולער, אט הענגען שוין אראב זייערע שווערע קעפעלעך און אט קומט שוין די צייט — און די זאנגען זענען שוין פארטיג מיט אלעמען. ער שניידט זיי מיט געזאנג און טראגט זיי סנאפעס־ווייז אין שייער אריין.

וואכענלאנג טאגט און נעכטיגט דער בויער אין שייער. ער היט זיין רייכטום ווי זיין אויג אין קאפ. דאס איז ביי איהם טייערער ווי איין אנדערענ'ס גאלדענע אוצרות, ווארום דאס האט ער דאך אנגעקליבען פון זיין אייגענע הארעוואניע.

ווי אנגענעהם איז דעם אמאליגען יודישען ערד־ארבייטער געווען, ווען ער האט אויף דעם יום טוב סוכות די תבואה אריינגענומען אין שטוב און איז זיך געזעסען מיט פארגעניגען אין דער סוכה, וואס ער האט אליין אויסגעפלאכטען צום אנדענקונג פון דעם בעפרייאונג'ס-טאג, צוליב וועלכען ער האט זוכה געוועזען צו שניידען פון זיין אייגענע פעלד.

דעם אמת'ן פארגעניגען פון סוכות, חאטש נישט אזוי ווי א מאל, קענען נאר פיהלען אונזערע ברידער די איצטעריגע קאלאניסטען אין ארץ־ישראל. אבער מיר, גלות־יודען, דערמאנען זיך מעהר נישט אויף דעם וואס מיר האבען נאר געהאט אמאל און האבען עס איצטער ניט און אונז ווערד טרויעריג אויפ'ן הארצען. מיר הארעווען, מיר אקערען, מיר זייען — און עס קומט א ווינט און טראגט אוועק די קערנער מיט די שטרוי צוזאמען, מיר דערלעבען ניט אריינצוטראגען די תבואה אין שטוב — ווייל מיר האבען עס ניט, מיר האבען נאר א שייער, אין וועלכען עס איז גוט ווען מען דארף נאר זיין א פאר וואכען, אבער ניט אימער און שטענדיג ליגען אונטער'ן הימעל־דאך און ניט זיין בעשיצט פון טוי און רעגען. עס איז גוט זיצען אין סוכה זיבען טעג, אבער ניט א גאנץ יאהר.

און די תבואה, די פאלק'ס־רייכטימער, די פאלק'ס-אייגענטימער ווערען אויך גאנץ אפט פארניכטעט פון דעם רעגען און שטורם, וואס וויל אפילו די ווענט פון שייער אויך פארנאנדערטראגען.

און זיצענדיג אין גלות־סוכה מוזען מיר זיך דערמאנען, אז מיר דארפען האבען איין מאל פאר אלע מאל א הויז, וואוהין מיר זאלען קענען אריינפיהרען אונזערע מיט טרערען פארזייטע קארען, מיר דארפען האבען א הויז, וואס זאל אונז פארזיכערען פון רעגען און פון האגעל, וואס פארניכטען אלץ וואס איז ביי אונז הייליג און טייער.

און ביי יעדען שריט, וואס ווערד געמאכט, כדי צו געפינען פאר דעם יודישען פאלק א היים, א הויז — ווערען מיר א ביסל מוטיגער, שטארקער. מיר קלויבען צונויף פון די פארשידענע פרעמדע פעלדער אונזערע צעשפרייטע זאנגען; מיר בעהאלטען זיך אויף דערווייל אין דעם גרויסען פאלקס־שייער און היטען פעסט די גייסטליכע אוצרות, וואס איז אונז געלונגען אבצוראטעווען פון ווינט, ביז עס וועט קומען יענער גליקליכער טאג, ווען דאס יודישע פאלק וועט האבען איין אייגען הויז, וואוהין די אלע פאלק'ס־אוצרות אריינצוברענגען.

דעסטמאל וועט זיין ביי אונז א פרייהליכער סוכות. מיר וועלען שטעהן אין שייער און פיהלען, אז הינטערן שייער האבען מיר א פעסט הויז. מיר וועלען אוועקשיקען מיט'ן ווינט די גאנצע שטרוי, די גאנצע שטויב, וואס אונז האט זיך נאך געשלעפט פון גלות און

אונ רייבען אונ קלערען —
אומזיסט איז, מען נעהט ווי א פערד אויף א לייטער!
אומזיסט די שוויץ־מיטלען פון די רעאליסטען —
עס פאסט ווי איין ארבעס אין וואנד;
אומזיסט אויך ברעך־מיטלען פון נאטוראליסטען —
מען ווערד נאר צו שפאט און צו שאנד;
אומזיסט הוילע שפינוועבס פון אידעאליסטען —
עס איז ווי נאר אייל אין א בראנד;
אויב „מהלך הישן", אויב היילען „מאדערן" —
אומזיסט איז איהר הערן, אומזיסט איז איהר הערן!
אומזיסט איז דער יועץ, אומזיסט איז דער מאכער:
דאס מיידל ווערד קראנקער, דאס מיידל ווערד שוואכער;
גרויס איז נאטס צארן:
דאס מיידל איז גאר שוין געפעהרליך געווארען...

דאך פלוצלינג א וואונדער!
א שעפער, א יונגער, איז אהין דארט געקומען
פון פעלד דאנעבען
(א יונג ווי א סאסנע, א יונג א געזונדער,
אהן חכמות און דריידלעך, א פראסטער איוואן);
און האט מיט זיך גאר נישט קיין מיטלען גענומען;
ער האט אויף דעם מיידל א קוק נאר געגעבען
און זאגט אהן שהיות צו אלע דאקטוירים,
גאר זיכער און דרייסט
אויף קאלעניש־לשון: „געעהרטע חמורים!
איהר ווייסט?
דא נוצט נישט אייער דרעהען און קרענטשען
און קריכען אויף גלייכע ווענט:
מאכט חתונה איהר און גיט איהר א מאן!"
— — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

גיט איהר, דער ליטעראטור, א מענשען!
שרייבט רעאליסטיש,
שרייבט אידעאליסטיש,
שרייבט ווי איהר ווילט — אבי מיט טאלענט!

ד. פרישמאנן.

אונז וועט בלייבען די ריינע גוטע קערנער, וואס וועלען עקאנאמיש אונ גייסטליך שפייזען אונזער פארשמאכט פאלק.

אונ דענסטמאל וועט זיין סכות מעהר נישט זיבען טעג.

ש. ט ש.

---

# שמחת-תורה.

(א ביל ד)

פון

## שלום-עליכם.

---

וואס ביי ניכטערען אויף דער לונג
דאס ביי שכור'ען אויף דער צונג.
(א יודיש שפריכווארט).

### א.

— א שטילער מענש, א גאנץ עהרליכער, טשעפעט ניט קיין פליג אויף דער וואנט — אט דאס האט מען אויף איהם געזאגט אין מאזעפעווקע אונ דאס איז ער געוועזן.

איהר קוקט ניט אויף איהם, וואס ער איז א געביכל, גאט די נשמה שולדיג, שטילע וואסער גראבט טיעף! — אט דאס פלעגט זאגען אויף איהם דער בעל-הבית זיינער, רב לייבקע, א יוד פון א שארפע קראם, פון גרויסען קרעדיט אונ פון שיינע מחותנים.

— אז אך אונ וועה איז מיר מיט מיין שלים-מזל משטיינס-געזאגט, וואו איך האב ערגעץ א שונא רבונו של עולם! — אזוי פלעגט צו זאגען זיין ווייב קיילע-ביילע, וואס האט אמאל מיידלווייז געשפילט א ליבע מיט מאטל שפרייז, דעם מיידלשען שרייבער, פאר-עסען א מויד אונ קוים חתונה געהאט פאר זרח ברוך דעם נאמן, געזיוען ביי איהם דאס אנדערע ווייב, אונ בכדי זי זאל איהם דערגעהן די יאהר מיט זיינע קינדער פונ'ם ערשטען ווייב, האט זי איהם אלע יאהר געהאט א קינד.

— איך קאן באשטעהן זיי זאלען זיך גיאנטשען מיט מיינע קינדער — האט געזאגט קיילע-ביילע, אונ זרח-ברוך האט זי געהערט מיט'ן קאטער, ווארום ער איז כמעט קיין מאל ניט געוועזן אין דערהיים.

זרח-ברוך דער נאמן (אזוי האט מען איהם גערופען אונ קיין אנדער נאמען האט ער אין מאזעפעווקע ניט געהאט) איז שטענדיג אין געשעפט פון גאנץ פריה אן ביז שפעט אין דער נאכט. אפילו עסען טראגט מען איהם אין קלייט אריין, אונ מכות עסט ער, ווארום ווי אויף צו להכעיס לאזען זיך די קונים פונקט דעמאלט ווען זרח-ברוך האט צוגעטראגען די ערשטע לעפעל צום מויל.

זרח-ברוך האט שוין געוואוסט, אז קוים האט ער זיך געוואשען אונ נאך ניט אבגעזאגט דעם „שאו ידיכם", אהא עס האט זיך שוין א לאז געטאן שפע, צוויי גוים מיט להבדיל איין יודינע. די גוים געהען אריין אין קלייט אריין, פארדרייסען די קעפ ארויף אונ קוקען, אונ די יודינע, דערזעהט אז זרח-ברוך וואשט זיך עסען, ריקט זי זיך ארוים ווי א צנועה מיט א זייטל:

— עסט, עסט, רב זרח-ברוך, איך וועל צוווארטען.

נאר זרח-ברוך וועט ניט ארויסלאזען קיין קונה.

— וואס דארפט איהר? — מאכט ער צו דער יודינע אונ וואר'גט זיך מיט דער המוציא, אונ בתוך כך געהט ער צו צו די צוויי גוים:

— א שא, דיאדקי, סקאזשעטע דאבראהא? *)

אונ עס לאזט זיך אוים, אז די יודינע דארף דאס וואס ס'איז ניטא, אונ די צוויי גוים זענען זיך מודה, אז זיי זענען אריינגעגאנגען גלאט אזוי אנקוקען, מעהר נישט, אונ בכדי מע זאל זיי ניט חושד זיין, אז זיי מיינען עפים קויפען, שטעהען זיי אביסל די קעפ פאר-ריסען ארויף אונ געהען פאוואליגקע אוועק. נאר זרח-ברוך האט פיינט אז קונים געהען אוועק גאר ניט געקויפט, לויפט ער זיי נאך אונ שלעפט זיי פאר די פאלדען:

— עי, טשולאוויטשע, פערעווערניס, יא שאס מאיע טובי קאזאטע! **)

נאר די גוים לאזען זיך ניט איבעררעדען אונ געהען אוועק, דער שווארץ יאהר ווייסט וואוהין, אונ די יודינע האט זיך דערווייל אויסגעגליטשט אונ אריינגעהאפט זיך אין איין אנדער קלייט.

פאר הארצווייטיג פארלירט זרח-ברוך דעם אפעטיט צום עסען אונ עס קומט צו געהן דער בעל-הבית רב לייבקע אונ פארעכט איהם דאס מזל.

— ווער איז דא געוועזן? — פרעגט ער.

— ווער ס'איז געוועזן? — פרעגט זרח-ברוך אונ שלינגט גאנצע שטיקער כמעט נישט געקייעט — קונים זענען געוועזן.

— קונים? וואס האבען זיי געקויפט?

— געקויפט האבען זיי? צרות האבען זיי געקויפט.

— וואס זשע זאגסט דו „קונים"?

— וואס דען זאל איך זאגען?

— קונים הייסט אז מע גיט עפים צו לייזען.

— צו לייזען? איך וויל דען ניט לייזען?

— א דאנק דיר וואס דו ווילסט לייזען!

אונ ביידע, אי דער בעל-הבית אי דער „מענש" בלאזען זיך אן איינס אויפ'ס אנדערע, נאר מע זאגט נישט איינס דאס אנדערע קיין קרום ווארט: דער בעל-הבית פיהלט, אז ער האט איהם איינגענטליך גאר ניט וואס צו זאגען, אונ דער מענש האט דרך-ארץ פאר'ן בעל-הבית, אונ שווייגט אב אויף אלסדינג וואס מע זאל איהם ניט זאגען.

נאר אט קומט די בעל-הבית'טע, קלינגט מיט די שליסעלעך, אונ מישט אויף נאך אמאל די איינענע סדרה:

— ווער איז דא געוועזן?

— איך ווייס ווער ס'איז דא געוועזן? — זאגט דער מאן — פרעג ביי איהם.

— ווער איז דא געוועזן? — פרעגט זי ביים נאמן אונ קלינגט מיט די שליסעלעך.

דער נאמן שלינגט איין דעם לעצטען ביסען, שטעהט אויף, טרייסעלט אב די ברעקלעך פון דער בארד אונ קוקט אויף דער בעל-הבית'טע.

— וואס קוקסט דו אויף מיר אזוי? איך פרעג ווער איז דא געוועזן?

---

*) וואס וועט איהר, פעטערס, זאגען גוטס?

**) עי, מענשל, קעהר זיך איבער, איך האב דיר עפים צו זאגען.

— ווער איז דא געווען? — זאגט זרח-ברוך מיט׳ן פריהערינגען נוסח — קונים זענען דא געווען.

— קונים? וואס האבען זיי געקויפט?

— געקויפט האבען זיי? קרחת האבען זיי געקויפט!

— וואס זשע זאגסט דו קונים?

— ווי אזוי דען זאל איך זאגען?

— קונים הייסט אז מע גיט עפּיס צו לייזען געלד.

— לייזען געלד? איך וואלט אויך א בעלן געווען לייזען געלד גלייך מיט אייך.

— איך מיין טאקי באמת?!

די דאזיגע ווערטער: „איך מיין טאקי באמת" ווערען געזאגט מיט אזא נגון און מיט אזוי פיעל סם המות, אז זרח-ברוך קרענקט אויס דאס גאנצע עסען און איז געוואָרן, אז עס קומט אריין א שווארץ יאהר און הייסט זיך ווייזען סחורה, חאטש אלע ווייסען, אי דער בעל-הבית, אי די בעל-הבית׳טע, אי דער נאמן, אי דער קונה אליין, אז דער קונה איז ניט קיין קונה, ער וועט גאר גישט קויפען.

— איז דאס הייסט דאס דער לעצטער פרייז ביי אייך? גוט, איך קום אם-ירצה-השם מארגען ווידער...

— אויף מארגען מיט איין איי! — זאגט זרח-ברוך אינטער דעם קונה׳ס פלייצעס, און דער בעל-הבית גיט איהם א מאוס׳ען פסק, ער זאל האלטען מויל און ניט רעדען דעם קונה אינטער די פלייצעס אזעלכע ווערטער, און די בעל-הבית׳טע גיסט אונטער בוימעל אויפ׳ן פייער, קלינגט צו מיט די שליסעלעך.

— וואס ארט איהם למשל, אז יענער וועט שוין מעהר אהער ניט אריינשמעקען? עס טהוט איהם דען וועה דער קאפּ, טאמער דארף מען מארגען צאהלען א וועקסעל?

זרח-ברוך שווייגט. ער טהוט נאר א קוק אויף איהר מיט איין אויג. דער קוק באדייט:

— א וועקסעל? וועמען דען טהוט וועה דער קאפּ אויפ׳ן וועקסעל?

אלע דריי ווייסען גאנץ גוט, וועמען דער קאפּ טהוט וועה בשעת עס קומט א וועקסעל צאהלען, און אלע דריי שווייגען. דאס שווייגען געדויערט עטליכע מינוט. און ווער רייסט דאס איבער? טאקי זרח-ברוך. ער טהוט זיך א וואַרף ווי איין אבגעבריהטער פון קראפּיווע.

— יא, כ׳האב גאר פארגעסען; איך דארף א שפּרונג טהון צום גלח, טאמער וועט ער מיר געבען געלד, ער האט מיר צוגעזאגט אויף היינט געבען געלד, און אז ער וועט ניט געבען געלד, ווייס איך ניט ווי אזוי וועלען מיר איינצאהלען דאס וועקסעל...

און זרח ברוך חאפּט דאס יאמשאָווע שטעקל און לאזט זיך געהן צום גלח און בעגעגענט זיך מיט דער בעל-הבית׳טע ביי דער טיר און הערט ווי זי וואָרטשעט און קלינגט מיט די שליסעלעך:

— קוים דערמאנט... שטארק אין זינען... קאסט אזוי פיעל בלוט...

און אין הארצען ווייסען אלע ווער עס טראגט אויף זיך די גאנצע קראם, וועמען עס דארט דער מח פאר׳ן פדיון, ווער האט אין זינען געלד, ווער טראגט אויפ׳ן קאפּ א וועקסעל — און אלע דריי זענען זיכער, אז עס דארף אזוי צו זיין, און אנדערש קאן עס גאר ניט זיין.

---

ב.

אויף וויפיעל זרח ברוך דער נאמן קומט אפּ ביי זיינע בעלי-בתים אין געשעפט, האט ער נאכדעם, אז ער קומט ביי נאכט צו זיך אהיים זיין עהרליך אויסקומעניש דריי מאל אזוי פיעל. אין שטוב איז וויסט און רויכיג, די קליינע קינדער שרייען, דער סאמאוואר וויל ניט זידען און קיילע ביילע זידט דווקא יא, קאכט ווי א קעסל, שמיצט זיך און ווארפט זיך און שעלט די קינדער זיינע אויף וואס די וועלט שטעהט.

— עסערס! א פולע שטוב מיט עסערס! ביי לייטען קינדער, דאס קרענקט, דאס פּאקט, דאס ברעכט זיך אויס א פּוס; עס נעמט זיי גישט קיין קויל!

נאר קיילע ביילע זינדיגט; זי ווייסט גאנץ גוט אז זי זינדיגט, ווארום וואו ערגעץ א חולאת, א פריטשעפּע, א מכה, א שלאק פּרעניות— איז דאס ביי זיי. און ווערד פארשלאפט א קינד, עס מעג זיין זיינס, עס מעג זיין איהרס — לעגט זי איין די וועלט, לויפט אליין צום דאקטאר, שלאפט ניט דורך די נעכט, עסט דעם מאן און טאטשעט איהם זיין לייב.

— וואס ביזט דו פאר א טאטע? א שיינער פאטער א געטרייער! דאס קינד נעביך גליהט ווי א הייסע סקאווערדע, עס זאל איהם אנ-הויבען צו ארען! א קאלטער מלאך!

און זרח ברוך שווייגט, קעהרט גישט איבער די צונג אפילו, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען. זרח ברוך איז געוואוינט, אז ער קאן עפּיס איבערחאפּען, פאלט ער אין בעט אריין ווי א סנאָפּ און ווערד אנ-שלאפען, ווארום גאנץ פריה, אז גאט אליין שלאפט נאך, איז ער שוין אין קלייט. „מאכט די ביכער", דאוונט אפּ אויף איין פוס, חאפּט א גלעזל ציקאריע מיט איין אייער-בייגעל און לויפט נאך א גמילות-חסד ביז איבער׳ן יריד, און דער בעל הבית בלאזט זיך, און די בעל הבית׳טע וואָרטשעט, און דאס ווייב אין דער היים שעלט, לייענט די תוכחה, און אזוי א גאנץ יאהר, א גאנץ קיילעכיג יאהר.

איין טאג שבת — א גליק וואס איז פארהאן א שבת אויף דער וועלט! — קאן זיך זרח ברוך אויסרוהען פאר דער גאנצער וואך; נאר ערשט דעמאלט פיהלט ער ווי ער איז צעבראכען, גישטא קיין גאנצער אבר, ווי להבדיל א פערד הויבט ערשט דאן אן צו סאפּען און סאכען מיט די זייטען, אז מע שפּאנט דאס אויס... קומט דער הייליגער טאג שבת ווארפט אראפּ פון זיך זרח ברוך דער נאמן אלע דאגות פונ׳ם קאפּ, טהוט זיך אויס פון דער יאך, פארגעסט אז ס׳איז פארהאן א געשעפט מיט א בעל הבית מיט א בעל הבית׳טע, מיט א בוך, מיט חובות, מיט וועקסעלעך, מיט גלחים, מיט גמילות חסדים, מיט קונים, מיט פדיון — גישטא, גישטא אויף איהם קיין אויבער-האר, גיטא פאר איהם קיין עלטערער, וויל גישט וויסען פון קיין ווייב; ביי איהם איז איצט נאר גאט און שבת. און ער רוהט, ער שלאפט, שלאפט זיך אויס, טוט אן די שבת׳דיגע קאפאטע מיט דעם שבת׳דיגען אויבערמאנטל מיט׳ן שבת׳דיגען קאשקעט מיט די שבת׳דיגע סקריפּענדיגע שטיוועל און געהט אין שוהל אריין. איין מאל אין וואך שלאפט ער זיך אויס ווי עס געהר צו זיין, איין מאל אין וואך דאוונט

ער זיך אן ווי עס געהער צו זיין, איין מאל אין וואך עסט ער אב ווי עס געהער צו זיין, און ער רוהט, און די נשמה זיינע רוהט, און אלע איברים זיינע רוהען, און ער דאנקט און לויבט דעם וואס לעבט אייביג פאר דער מתנה, וואס ער האט געשענקט זיין ליב פאלק ישראל, פאר דעם איינציגען, הייליגען, זיסען, ליבען שבת.

נאך מעהר הייליג, זיס און ליב זענען איהם די ימים טובים.

„ווער נאך האט אזא פסח ווי יודען האבען?" — אזוי קלערט זיך זרח ברוך דער נאמן און איז זיך אליין מקנא, וואס ער איז א יוד געבארען — „ווער נאך פארמאגט אזא שיינעם גרינעם מחיה'דיגען שבועות? וואו האט איהר נאך אזא פרייליכען יום־טוב ווי סכות, הושענא רבה, שמיני עצרת, ובפרט שמחת־תורה? א וועלטעלע אויס־צורעדען שמחת־תורה! שמחת־תורה איז א יוד פרייליך! שמחת־תורה טרינקען יודען משקה! שמחת־תורה זענען יודען שכור!"

אזוי קלערט זיך זרח ברוך דער נאמן און קוקט ארויס אויפ'ן פרייליכען יום־טוב ווי אויף משיח'ן, נאך מעהר ווי אויף משיח'ן.

משיח קומט ניט און דער פרייליכער יום־טוב קומט. קומט דער פרייליכער יום־טוב שמחת־תורה ווערד אויף איהם א נייע הויט. גאר ניט דער זרח ברוך וואס תמיד. תמיד א שטילער, א פארזארגטער, א פארוואגעלטער, חאפט ער זיך אויף מיט אמאל ווי פונ'ם שלאף, ג'ערד לעבעדיג, פרייליך, פאררופט צו זיך אויף קדוש, געהט צו יענעם אויף קדוש, שלעפט אליין ארויס דעם קוגעל פונ'ם אויווען, בראנפען גיסט זיך אזוי ווי וואסער, מע נעמט זיך ביי די הענט און מע געהט א רקוד'ל אין מיטען גאס; יודען!" ס'איז היינט שמחת־תורה אויף דער גאנצער וועלט!

היי דיי

דרי דיי דיי

ראמטעדרידיידיי!

גוים געהען פארביי, שטעלען זיך אפ, קוקען ווי יודען העפען, מאכען זיך נאריש:

— אצע הארנא, קאלי וזשע זשיד דא נאפיוסיא!... *)

און זרח ברוך דער נאמן „גיסט ווי אויפ'ן שטיין", טרינקט שוין פאר'ן גאנצען יאהר, טרינקט אזוי לאנג ביז ער ווערד רעכט מבוסם, פארגעסט ווי אזוי מע רופט איהם, ווערד גזלן און רייסט זיך צום בעל־הבית און צו דער בעל־הבית'טע, זיי אויס'לומר'ן ווי עס געהער צו זיין. חאטש איין מאל זיי זאגען דעם גאנצען אמת וואס אויף דער לונג דאס אויף דער צונג, זיך קיהלען דאס הארץ!

— ס'עט א רוח אין איהם אין טאטען! — שרייט זרח ברוך נאמן אויפ'ן בעל־הבית און אויף דער בעל־הבית'טע און רייסט זיך צו זיי מיט הענט און פיס, נאר מע לאזט איהם ניט. קיילע ביילע מיט די עלטערע קינדער האלטען איהם צו פאר די הענט, און זרח ברוך רייסט זיך, שלאגט און הרג'עט און שרייט ווי אין א מאגהויז:

— לאזט מיך!... לאזט מיך!... ס'עט א רוח אין איהם אין טאטען!...

און קיילע ביילע האט מורא, טאמער טאקי, חס ושלום לויפט ער אוועק א הין און פאלט אן אויפ'ן בעל־הבית מיט דער בעל־הבית־טע און בלייבט נאכדעם אהן א שטעלע. בארעט זי זיך מיט איהם מיט אלע כחות, בינדט איהם די הענט ארונטער מיט א האנטוך, לעגט איהם אריין, דעם שלים־מזל, אין בעט אריין, פארשליסט די טיר, און זרח ברוך, דער שטילער זרח ברוך, וואס טשעפעט ניט קיין פליג אויף דער וואנט, בושעוועט, ברעכט טעלער, שלאגט און הרג'עט און הערט ניט אויף צו שרייען אויף קולי קולות:

— לאזט מיך!... לאזט מיך!... ס'עט א רוח אין איהם אין טאטען!...

זרח ברוך בושעוועט און שרייט אזוי לאנג ביז ער הויבט גאר אן צו וויינען, וויינען ווי א קליין קינד. ער דערמאנט זיך אינ'ם טאטען, וואס איז ביי איהם געשטארבען פאר א יאהר עטליכע און צוואנציג — סטייטש, אזא טאטען ווי ער האט געהאט, אזא טאטען!... און ער וויינט, דער יתום, גיסט מיט טרערען, ער וויינט אזוי לאנג ביז... ער ווערד אנטשלאפען.

* * *

אויף מארגען אין דערפריה, אז גאט אליין שלאפט נאך, איז שוין זרח ברוך דער נאמן אין קלייט, מאכט די ביכער, דאווענט אפ אויף איין פיס. חאפט א גלעזל ציקאריע מיט איין אייערבייגל און לויפט נאך א גמילת חסד „ביז איבערן יריד", און דער בעל־הבית בלאזט זיך, און די בעל־הבית'טע ווארטשעט, קלינגט מיט די שליסעלעך און דאס ווייב אין דערהיים שעלט, לייענט די תוכחה. און אזוי א גאנץ יאהר, א גאנץ קיילעכיג יאהר, ביז איבער א יאהר שמחת־תורה.

## ביי דער נאכט הושענא רבה...

לעגענדע.

ביי דער נאכט הושענא רבה,
ווען עס שפאלטען זיך די הימלען
און עס ווינשט א מענש זיך עפיס,
מוז עס באלד מקוים ווערען.

ביי דער נאכט הושענא רבה
שטעהט א יונגער מענש, א בלאסער,
פאר דער גרויסער שוהל, דער אלטער —
און עס שפאלטען זיך די הימלען.

און ער זאגט: „דו גאט, וואס וואהנסט דארט
אין דעם הימעל און ווייסט אלדינג
וואס אין מענשענס הארצען טוט זיך —
קוק אויך מיר אריין אין הארצען!

לאנג, גאר לאנג בין איך געזעסען
אין בית-מדרש און געלערנט;
האב געלערנט דיין גרויסע תורה
ביי דעם אלטען גרויסען דין.

און עס האט געהאט דער דין
א כתר'לען, איין איינציג מיידל,
און זי האט א מאן גענומען —
גאט, דערהער יעצט מיין בקשה!

גאט, הייל אויס יעצט מיר די וואונדען,
וואס איך טראג אין קראנקען הארצען;

*) א דאס איז שען אז א יוד קאן שוין זיין שכור!...

גאט, דו קאנסט דאך אלדינג מאכען —
הייל מיר אוים די גרויסע וואונדען!"

אין דער פריה הושענא רבה,
ווען עס געהען יודען דאוונען,
ליגט א יונגער מענש, א בלאסער
פאר די אלטע שוהל, די גרויסע.

אין דער פריה הושענא רבה,
קומען פון דער זון די שטראלען,
אונ זיי פאלען אויף דעם פנים
פון דעם בלאסען, טויטען בחור.

ד. פרישמאנן.

---

# פארשפעטיגט.

(א סכות'דיגע ערצעהלונג).

די ביסעלע קארן, וואס אנטאש האט אראבגענומען פון זיין שטיקל פעלד, וואס ער האט פארמאגט, האט ער שוין לאנג צוזאמען מיט זיין עלטערען אכצעהניעהריגען סערגייען צעדראשען אונ עס צע־מאהלען אין דער נאהנטער מיהל, וואס איז געגאנגען אויף צוויי וואסער־רעדער, אונ אויף דעם בוידעם בעהאלטען צו ווינטער אויף ברויט. נאר איין פוד קארן האט ער אין א זעקעלע אריינגעשאטען, פארבונדען עס מיט א שטריקעלע אונ אין שטעדטל אויף דעם מארק אוועק געפיהרט. אויפ'ן מארק זענען יודען איינער נאך דעם אנדערען צוגעקומען אלע וויילע צום וואגען, געטאפט דאס זעקעלע אונ גע־פרעגט:

— טשאהא מאיעש נא פראדאניע? [1]

אויף וואס אנטאש פלעגט ניט אהן שטאלץ ענטפערען:

— זשיטא. [2]

אונ די יודען האבען געדונגען אונ געדונגען, געוואגען אונ געוואגען מיט זייערע בעזמענעס. אונ געבאטען פרייזען פון 40 קאפ. ביז א האלבען רובל, אונ אנטאש פלעגט די פרייזען אויסהערען, קרא־צען זיך אין פאטעליצע, אונ בעטען פון פינף גולדען ביז ער פלעגט אראבגעהן אויף פיער גולדען. ביי פיער גולדען האט ער זיך איינגע־עקשנ'ט אונ עס האט ניט געהאלפען שוין מעהר קיין דינגען זיך.

— טשעטירע זלאטע! [3] האט ער גע'טענה'ט.

פארנאכט אבער, אז די יודישע מארק־סוחרים זענען זיך פון איהם צעגאנגען אונ מעהר שוין ניט צוגעגאנגען, איז ער שוין מיט זיין ביסל סחורה אראבגעפאלען, אונ האט שוין געזוכט א סוחר פאר א האלבען רובל.

דער איינציגער הענדלער, וואס איז אויפ'ן מארק געבליבען, חנן דער קורצער, האט שוין דאס ביסל מזומן, וואס ער האט געהאט צו־געגרייט צום מארק, אויסגעגעבען, אונ ער האט דערפאר מיט א האלבען מויל געבאטען נאר דריי גולדען:

— טרי זלאטיך, קאלי האטשעש. [4]

[1] וואס האסטו צו פארקויפען.

[2] קארן.

[3] פיער גולדען.

[4] דריי גולדען ווען דו ווילסט.

אונ אנטאש, וואס האט געדארפט דאס געלד אויף זעהר נייטיגע זאכען צו קויפען, אהן וואס ער האט אהיים ניט געקאנט פאהרען, האט מיט הארץ־וועהטיג אוועקגעגעבען פאר דריי גולדען, אונ דער־הערענדיג, אז ער וויל שוין אוועקגעבען, האט חנן אין דער רעכטער זייט הארצען דערפיהלט א קלאפ פון פרייד, וואס איהם מאכט זיך צו קויפען א "מציאה", פון וואס ער וועט האבען א ריינעם צעהנערל רוח, אין דער לינקער זייט הארצען אבער האט איהם א קלאפ געטאן פאר הארצוועהטיג, וואס גאט ווייסט צי די מציאה וועט איהם אנקומען, ווייל זיין קאפיטאל האט זיך איבער'ן מארקס־טאג אין גאנצען אויס־געלאזט. פון דעסטוועגען האט חנן די האפנונג אונ דעם בטחון, מיט וואס ער האט מעהר געהאנדעלט ווי מיט ריינעם קאפיטאל, ניט פאר־לארען, אונ האט געהייסען אנטאשען פיהרען די סחורה צו זיין שפייכ־לערל. דארט ביי'ן שפייכלער האט ער געמאכט שותפות מיט א ריי־כערען הענדלער; יענער האט בעצאהלט אונ אנטאש האט בעקומען דריי זילבערנע גולדען. ער האט זיי בעקוקט פון אלע זייטען, געפרעגט עטליכע מאל: צי "פאלשיווע?" אונ אז די צוויי שותפים האבען איהם בערוהיגט, אז עס איז אמת'ע גוטע געלד, האט ער זיי אריינגעריקט טיף אין בוזעם, אונ זיך געלאזען מיט'ן וועגעלע צו א קרעטשמע אין מארק. דארט האט ער צוגעבונדען דאס פערד צום סלופ פון גאניג אונ איז אוועק קויפען נייטיגע זאכען.

ער האט געקויפט צוויי טעפ זאלץ, וואס די אנטאשיכע האט איהם אנגעזאגט למע"ה צו ברענגען, דריי פעקלעך צו אכט גראשען מאחארקע, א פאר פונט זייף צו זעקס קאפיקעס, א קרענצל בייגעלעך, א גאסטינעץ פאר די קליינע קינדער, אונ פאר דאס איבעריגע איז ער אין קרעטשמע אריין אונ געמאכט א כוסה, מיט וועלכער ער האט זיך גאר דערקוויקט אונ האט פרייליך אנגעהויבען שמועסען מיט די אי־בעריגע פויערען.

— פוד זשיטא פראדאל! [5] האט ער — כטוב לבו ביין — איינעם פון די פויערען דערצייהלט. אשוקאלי זשידי: טרי זלאטיך דאלי... מאלא. [6]

דער אנדערער פויער, וועלכער איז געוועזן רייכער פאר אנטא־שען, האט אויף איהם א פאראכטליכען בליק געווארפען אונ מיט גדלות געענפערט:

— טשטא, פוד זשיטא! יא דיעסיאט פראדאל... פאנימאיעש? דיעסיאט. [7]

אנטאש האט מיט קנאה א קוק געטאן אויפ'ן פויער, געוואלט עפיס ענפערען, נאר זיין שוואך קעפל איז שוין געוועזן אביסל בערוישט, האט ער גאר א קרום געטאן מיט די ליפען, ארוים פון קרעטשמע האלב פרייליך, האלב אומעטיג, זיך געזעצט אויף זיין קליינער דרא־בינע, אונ זיך געלאזט פאהרען אהיים אין דארף אריין, וואס האט זיך געפונען פינף ווערסט פון שטעדטל.

עס איז פארגאנגען א חדש. דער אסיען האט זיך אונטערגעריקט, די טעג זענען קלענער געווארען אונ די נעכט גרעסער אונ אין אנטאש

[5] א פוד קארן פארקויפט.

[6] אבגענארט—דער יוד · דריי גולדען געגעבען... וועניג

[7] וואס א פוד קארן? איך האב צעהן פארקויפט? פערשטעהסט? — צעהן!...

קליין שטיבעלע האט מען שוין בעדארפט ביי נאכט א לעמפעלע ברענען. די לעהמענע פלעשל, וואס אנטאש האט ביי א טעפער פאר אכט גראשען מיט דריי יאהר צוריק געקויפט, איז א טרוקענע געשטאנען און עס איז ניט געווען פאר וואס נאפט צו קויפען. אויסער דעם איז שוין דאס זאלץ באלד אויסגעגאנגען, פון די זייף, וואס ער האט געקויפט, איז נאר א שטיקעלע געבליבען, די מאחארקע איז נאר געבליבען אויף א פאר טעג, און אנטאש האט זיך געקראצט אין פאטעליצע, געשפייט און אלץ געוואָרטשעט:

— סאלי ניעמא, מידלא ניעמא, מאחארקע ניעמא, ניטשאהע ניעמא. קעפסקי אינטערעסע.[8]

פארדינען האט אנטאש ניט געהאט וואו. דער איינציגער יוד, וואס האט אין דארף געוואהנט, איז אליין זעהר ארים געווען, און אנטאש האט געהאט נאר איין האפנונג: פאר סכות אן צו האקען א פולען וואגען סכך און פיהרען עס אין שטעדטל און פארקויפען עס פאר א פאר פערציגער. אלע יאהר טוט ער אזוי, זינט ער האט דאס פערדל זיינס, פאר וועלכען ער האט אבגעצאהלט אויפ'ן יריד זעקס רובל.

— קאלי או וואס בודזיע קוטשקי?[9] האט ער גלייך נאך ראש השנה אלע טאג אנגעהויבען פרעגען דעם יודען, וואס האט געוואהנט אין דארף.

— יעטשע מנאהא![10] פלעגט איהם דער יוד ענטפערן.

— אליע קאלי![11] פלעגט אנטאש רוהען ניט לאזען.

דער יוד, וועלכער האט ניט געפיהלט אנטאש'ס נויט, האט איהם איינמאל א זאג געטאן, ניט פיעל טראכטענדיג.

— יעטשע טידזיען.[12]

אין אמת'ן איז מעהר ניט געווען ווי פינף טעג נאך צו סכות, און אנטאש האט אויסגערעכענט, אז צוויי טעג פאר „קוטשקי" איז די רעכטע צייט צו פיהרען די סכך אין שטעדטל: דאס איז געווען אקוראט דער ערשטער טאג יום טוב...

ער איז דעם טאג פריה אויפגעשטאנען, איבערגעביסען א שטיק גראב, שווארץ ברויט, וואס ער האט געטונקט אין אליין צעשטויסענע זאלץ, פארטרונקען מיט א קווארט קאלט וואסער, האט איינגעשפאנט דאס האלב הונגעריג, האלב פארשלאפען פערדל, גענומען די האק און זיך געלאזען אין נאהנטען וועלדל.

ער האט זיך גענומען האקען די שטעכעדיגע צווייגען איינע נאך דער אנדערער. געקליבען האט ער אלץ געדיכטערע און לענגערע: בעסערע סחורה פארקויפט זיך גיכער! האט ער דערביי געטראכט. דער וואגען איז אלץ געוואקסען און געוואקסען, ער האט גערעכענט לכל הפחות לייזען פאר זיין סחורה א גולדען דריי, און איהם האט זיך אלץ געדאכט, אז עס איז נאך ווענינ און ער האט אלץ געהאקט און געלעגט די צווייגען.

[8] זאלץ ניטא, זייף ניטא, טאבאק ניטא, גאר נישט ניטא, א שלעכט געשעפט.

[9] ווען וועט ביי אייך זיין סכות?

[10] נאך א סך.

[11] אבער ווען?

[12] נאך א וואך.

ענדליך איז דער וואגען פול געווארען, אנטאש האט איהם בעטראכט פון אלע זייטען און איז צופרידען געבליבען.

— דאוואלנא בודזיע![13] האט ער פאר זיך הויך ארויסגעברומט און גענומען דאס פערד פאר'ן צוים.

אז ער איז אבער אבגעפאהרען א פאר טריט, האט ער זיך אבגעשטעלט און ווידער א קוק געטאן אויף דעם וואגען.

— א מאזשע מאלא בודזיע?[14] האט ער זיך פלוצים דערשראקען, האט אויסגעהאקט נאך פינף צווייגען, און האט זיך גענומען פאהרען שוין אויף זיכער.

ער איז געפאהרען לאנגזאם, טריט ביי טריט, און לאנגזאם, טריט ביי טריט זענען אויך אזוי אין קאפ זיינע געדאנקען געגאנגען, ווי זיי וואלטען ניט וועלען גהן גיכער פאר דאס פערדל. אנטאש האט גערעכענט וויפיעל זאלץ וועט ער קענען קויפען און וויפיעל זייף און וויפיעל „גאזע", און וויפיעל מאחארקע, פאר דעם געלד, וואס ער וועט אפלייזען אין שטעדטל ביי די יודען. ענדליך האט איהם דער חשבון פארמאטערט און ער האט בעשלאסען, אז ער וועט האבען די צוויי גולדען אין האנט וועט איהם גרינגער זיין צו בערעכענען ווי אזוי אלץ איינצוקויפען, און נאך דעם בעשלוס איז פון איהם ווי א משא אראב.

אז ער איז מיט זיין וואגען אריינגעפאהרען אין אנהייב שטעדטל און האט דערזעהן די סכות שוין בעדעקט מיט סכך, האט זיך איהם אבגעריסען אינוועניג און איהם האט זיך געדאכט, אז די סכות און די הייזער אלע דרעהען זיך און שפרינגען. ער האט זיך אבער געשטארקט און געטרייסט, אז אלע יאהר איז אזוי: א סך „זשידקעס" דעקען צו פריהער און א סך שפעטער. דערפאר איז שפעטער טייערער.

— דראזשיי וואזמו![15] האט ער בעשלאסען און אנגסטען האבען איהם בעשלאגען.

ער איז געפאהרען ווייטער. אויף א גאניג זענען געשטאנען צוויי ווייבער איינע א יונגערע און איינע אן עלטערע, האבען געטייט מיט די פינגער און האבען געקייכט פאר געלעכטער:

— טשאהא ווי סמעיעטעס?[16] האט אנטאש מיט כעס געפרעגט.

— בא טי טאק ראנא אוזש סכך וועזעש.[17] האבען זיי איהם לאכענדיג געענטפערט.

— יאק טא ראנא?[18] האט אנטאש דאס לאכען ניט פארשטאנען.

— ראנא... ראנא... האבען די פרויען געלאכט.

— טפו — האט אנטאש מיט צארן אויסגעשפייט און זיך געלאזט ווייטער טראכטענדיג:

— יאק טא... בערקע האט אליין געזאגט — זא טידזיען. איך האב דאך אזוי גוט געחשבונ'ט: נאך צוויי טעג.

א קאלטער שווייס האט איהם בעגאסען, דערמאנענדיג זיך, אז

[13] גענוג וועט זיין.

[14] אפשר וועט ווענינ זיין.

[15] טייערער וועל איך נעמען.

[16] וואס לאכט איהר?

[17] ווייל די פיהרסט שוין אזוי פריה סכך.

[18] וואס הייסט פריה?

ער האָט פון יענער צייט אָן, זינט בערקע האָט איהם געזאָגט, אפשר ניט גוט געציילט. ער האָט פאַרשפּעטיגט! געוויס, געוויס! אַלע סכּות זענען שוין בעדעקט מיט סכך... ער וועט בלייבען אָהן זאַלץ, אָהן מאַחאָרקע, אָהן זייף, אָהן „גאַזע"...

טרויעריג האָט ער געפיהרט דאָס פערדל, וועלכעס האָט קענטיג געשפּירט דאָס גרויסע אומגליק, וואָס דאָ שטעהט פאַר זיין בעל-הבית, און האָט זיך קוים געשלעפּט אַראָבגעלאָזען דעם מידען קאָפּ זייגעם.

דערווייל זענען די בעלי-בתים שוין גענומען געהן ביסלעכווייז פון שוהל, אויסגעפּוצט יום-טוב'דיג מיט די טליתים און די מחזורים אין די הענט.

דערזעהענדיג לכתחילה דעם פויער מיט'ן וואָגען סכך, האָבען זיי ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס, און האָבען ערשטוינט געקוקט איינער אויפ'ן אַנדערען. נאָך זייער קוקען האָט זיך געטראַכט, אַז זיי האָבען זיך דערשראָקען: אפשר האָבען זיי אַ טעות געהאַט און פריהער סכּות געמאַכט?...

— טשאָהאָ טי וועזיעש?[19]) — האָט איהם איינער אַ פרעג געטאָן.

— יאַק טשאָהאָ? — האָט אַנטאָש תמ'עוואַטע אויסגעשטעלט די אויגען — סכך וועדו נאַ „קוטשקי". קופּיטע האָלובטשיקי! קופּיטע![20]) — האָט ער זיך גענומען בעטען מיט אַ וויינענדיג קול.

די יודען האָבען זיך פאַרנאַנדער געלאַכט.

— וואָס דאַרף מען איצטער סכך? דוריען דו! עס איז דאָך שוין יום-טוב האָט איהם איינער געטרייסט.

נאָר אַנטאָש איז פון גרויס אומגליק ווי צעטומעלט געוואָרען און האָט געשריגען, קראַצענדיג זיך אין פּאַטעליצע און האַלב וויינענדיג:

— קופּיטע, קופּיטע! סאָל טרעבע, מידלאַ טרעבע, גאַזאַ טרעבע[21]).

דער עולם יודען, וועלכער האָט אָנפאַנגס געלאַכט פון דער גאַנצער סצענע, איז גערירט געוואָרען. זיי האָבען אַ קוק געטאָן אויפ'ן אָרימען, דאַרען פויערל, דערזעהן זיין פאַרצווייפעלטען פּנים און אַ געפיהל פון מיטלייד האָט זיך אין זייערע הערצער דערוועקט.

— איין אָרימער גוי, אַ ביטערער רחמנות! האָט איינער אַרויס־געזאָגט, פאַרקרימענדיג מיט וועהטיג דאָס פּנים.

— ער האָט געהאַפּט געביך גאַנצע גליקען מאַכען פון די סכך, מיט אַמאָל — נאַ דיר! האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— עס וואָלט געווען אַ יושר אָבקויפען ביי איהם די סכך, האָט נאָך איינער פאַרגעלעגט — עס איז אַ חלול-השם.

— אים יום-טוב, ווי אַזוי? האָט אַ צווייטער אָבגעשלאָגען די פאָרלעגונג.

— עס איז אויף האַלץ ווערט דאָס געלד! האָט איינער גע־שאַצט, בעטראַכטענדיג דעם פולען וואָגען מיט דעם סכך.

[19]) וואָס פיהרסטו דו?

[20]) וואָס הייסט וואָס? סכך פיהר איך אויף סכּות—קויפט מיינע ליבע, קויפט.

[21]) קויפט, קויפט, זאַלץ דאַרף איך, זייף דאַרף איך, נאַפט דאַרף איך.

— ווערט היינט, ווערט מאָרגען! אַז ס'איז יום-טוב...

— סאָל ניעמאַ, גאַזאַ ניעמאַ... מידלאַ ניעמאַ... האָט דער פויער געזונגען זיין לידעלע, ניט פאַרשטעהענדיג וואָס די יודען רעדען אויף זייער לשון, נאָר פיהלענדיג. אַז מען טראַכט וועגען איהם עפּיס גוטס.

— שאַ! ער דאַרף גאָר קיין געלט ניט, ער דאַרף סחורה. סחורה אָהן געלד מעג מען געבען אים יום-טוב אויך! האָט איינער געבאָרען גאָר אַ נייע אידעע.

דער עולם איז לעבעדיג געוואָרען. עס האָט זיך געפונען צווישען רעדל יודען אַ קרעמער, וואָס האָט געהאַט דערביי אַ קראָם.

— גיב איהם חיים אַ פּאָר טעפּלעך זאַלץ מיט נאָך דאַרטען, וואָס ער דאַרף. גיב איהם אויף אַ פּאָר גולדען. אַ רחמנות! מיר וועלען אַלע ליידען דעם היזק...

— נו, נו, מהיכא תיתי! — האָט זיך ר' חיים אָנגעכאַפּט — איין אָרימער גוי.

— אַ מצוה, אַ מצוה! ווי איך בין אַ יוד! האָט יעדערער פון עולם געוואַרעמט.

חיים האָט גערופען דעם גוי, נאָך וועלכען דאָס גאַנצע רעדל איז נאָכגעגאַנגען, האָט געעפענט די קראָם און האָט איהם געגעבען: צוויי טעפּ זאַלץ, אַ שטיק זייף, אַ פלעשל נאַפט און צוויי פּעקלעך מאַחאָרקע.

דער פויער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טון פאַר שמחה, צי לאַכען, צי וויינען, ער איז נאָר אין שטאַנד געווען צו מורמלען:

— דזינקויע, דזינקויע[22]).

— נאַ טעביע יעשטשע חלה![23]) האָט איהם פּלוצים, אַז ער האָט שוין די סחורה איינגעפּאַקט, עמיצער אונטערגעטראָגען — דו וועסט ברענגען אַהיים.

— נאַ טעביע יעשטשע! האָט איהם נאָך איינער דערלאַנגט נאָך אַ שטיק.

— נאַ יעשטשע!

— יעשטשע!

— יעשטשע!..

און מען האָט אַנטאָשען גענומען טראָגען פון אַלע זייטען חלה. ער איז אַ צעטומעלטער געוואָרען און האָט קוים געקאָנט אויס־רעדען: „דזינקויע".

דער עולם איז געווען צופרידען און יאַנקל לייבעס, אַ פריי־ליכער יוד, וואָס האָט געמאַכט יום-טוב פון דער פולער האַנט און אַראָבגעבראַכט אַ חתן צו גאַסט, האָט איהם אַרויסגעטראָגען אַ גלעזל בראָנפען:

— נאַ פּיי! אי פּאָיעזשאַי ז'באָגאָם דאָמאַי![24])

אַנטאָש האָט אין דער ניך אַריינגעגאָסען דאָס גלעזל בראָנפען אין מויל, פאַרביסען מיט אַ שטיקל חלה און האָט פריילעך אויס־געשריגען:

[22]) אַ דאַנק, אַ דאַנק.

[23]) נאַ דיר נאָך חלה.

[24]) נאַ טרינק און פאָהר געזונטערהייט אַהיים.

— נִיקָאלִי נֶיע זַאבִּידוּ ![25]

— גיט קיין שְׁלֶעכְטֶער עֵרֶל! הָאט אַיינֶער פוּן דֶעם רֶעדְל אַ זָאג גֶעטָאן.

— וָואס הָאסְטוּ גֶעוָואלְט, עֶר זָאל דִיךְ אִיצְטֶער שְׁלָאגֶען?.. — הָאט אֵיינֶער אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעטָאן...

דֶער עוֹלָם אִיז בַּיים וָוארְט „שְׁלָאגֶען" אוּמֶעטִיג גֶעוָוארֶען, אוּנ מֶען הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען בִּיסְלֶעכְוַויז פַארְנַאנְדֶערְגֵעהְן.

אַבְרָהָם רַייזֶען.

---

# אַ טְרוֹיעֶרִיגֶער שִׂמְחַת־תּוֹרָה.

(אַ בִּילד)

פוּן שָׁלוֹם אַשׁ

אַלֶע חֶבְרָה־לַייט פוּן דֶער חֶבְרָה „פּוֹעֲלֵי צֶדֶק" (אָרִימֶע בַּעֲלֵי־מְלָאכוֹת) הָאבֶּען זִיךְ שִׂמְחַת־תּוֹרָה, אִין דֶער חֶבְרָה־שׁוּהל צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבֶּען. פוּן דֶעם גֶעלְד, וָואס יֶעדֶער חֶבְרָה־מַאן הָאט עֶרֶב יוֹם־טוֹב בֶּעצָאהלְט דֶעם גַבָּאי, וָואס אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען קְלוֹיבֶּען, הָאט מֶען גֶעקוֹיפְט אֵיין אַכְטֶעל בִּיעֶר, עֶפֶּעל, נִים.

בִּיעֶר הָאבֶּען דִי חֶבְרָה־לַייט גֶעטְרוּנְקֶען, דִי נִים הָאט יֶעדֶער דִי קִינְדֶער, וָואס עֶר הָאט מִיט זִיךְ מִיטְגֶענוּמֶען, צֶעטֵיילְט אוּנ דִי עֶפֶּעל הָאט יֶעדֶער בַּעַל־הַבַּיִת אִין דֶער קֶעשֶׁענֶע פַאר דִי וַוייבֶּער בֶּעהַאלְטֶען.

דִי לַאנְגֶע חֶבְרָה־טִישֶׁען, וָואס זֶענֶען אַ גַאנְץ יָאהר פַארְשְׁטֶעלְט גָאר מִיט בְּלֶעטְלֶעךְ „שֵׁמוֹת", סִדּוּרִים, מַחֲזוֹרִים, הָאבֶּען עֶפִּים וָואכֶענְדִיג אוֹיסְגֶעזֶעהְן וָוען דִי הַאלְבֶּע גְלֶעזֶער בִּיעֶר הָאבֶּען פוּן זֵיי אַרָאבְּגֶע־פוּנְקֶעלְט. אוּנ דָארְט, דָאס אָרוֹן קוֹדֶשׁ, וָואס אִיז אִין אַ וִוינְקִ'צְלֶע גֶעשְׁטַאנֶען, בֶּעדֶעקְט מִיט דֶעם וַוייסֶען יוֹם־טוֹבִ'דִיגֶען פָּרוֹכֶת, הָאט, דַאכְט זִיךְ, אַהֶער גֶעווִינְקֶען, מוֹחֵל, מוֹחֵל אוֹיף מֵיין כָּבוֹד; זָאלֶען זִיךְ יוּדֶען אֵיין מָאל אִין יָאהר פְרַייהֶען.

דֶער עוֹלָם הָאט דָאס בִּיעֶר אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען. עֶס הָאט שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַבִּיסְל וִוי עֶפִּים פְרַייהְלִיךְ צוּ זַיין. מָרְדְכַי קִירְשְׁנֶער, אַ שְׁוַוארְצֶער יוּד, הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ קְלַאפּ אִין רִיקֶען, דֶעם אַלְטֶען חַזְקַאֵל, דֶעם טָאג־בַּעַל־תְּפִלָּה: זִינְג בְּרוּדֶער. דֶער אַלְטֶער חַזְקַאֵל הָאט זִיךְ עֶפִּים אָבְּגֶעשָׁאקֶעלְט, צֶעהִיסְט זִיךְ. אוּנ מָרְדְכַי אִיז אַלֵיין אַרוֹיס מִיטְ'ן קוֹל: לְחַיִּים בְּרוּדֶער, פְּלוּצִים הָאט עֶר זִיךְ עֶפִּים אַרוּמְגֶעקוּקְט, דֶער עוֹלָם זִיצְט אַיינְגֶעהוֹיקֶערְט, פַארְקְלֶערְט עֶפִּים, עֶר גָאר אַלֵיין אִיז לֶעבֶּעדִיג — הָאט עֶר זִיךְ, וִוי עֶפִּים פַארְשֶׁעמְט, אוּנ הָאט אוֹיךְ שְׁטִיל גֶעשְׁוִויגֶען.

אִין דִי שׁוֹיבֶּען פוּן דֶער חֶבְרָה הָאט גֶעקְלַאפְּט אַ קִיהְלֶער אָסִיעֶן־ווִינְט, דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶער הָאט אַרַיינְגֶעשַׁיינְט דֶער וַוייטֶער בֶּעוָואלְקֶענְטֶער הִימֶעל, אוּנ פוּן עֶרְגֶעץ אַ הוֹיכֶען קוֹימֶען, אִיז אַ גֶעדִיכְטֶער רוֹיךְ אַרוֹיס, אוּנ הָאט זִיךְ אִין דֶער לוּפְט גֶעלֶעגְט. דָאס הָאט גֶעהַאט אֵיין אוֹיסְזֶעהְן פוּן אַ וִוינְטֶערְדִיגֶען וָואכֶענְדִיגֶען דָאנֶערְשְׁטָאג... אוּנ דִי חֶבְרָה־לַייט, וָואס זֶענֶען אַרוּם דֶעם טִישׁ גֶעזֶעסֶען, הָאט עֶס עֶפִּים בַּיי זֵיי אוֹיסְגֶעזֶעהְן וִוי זֵיי בַּאלֶעמוּטְשֶׁען דִי צַייט אוּמְזִיסְט...

לֶעבֶּעדִיג עוֹלָם, לְחַיִּים, שִׂישׂוּ וְשִׂמְחוּ בְּשִׂמְחַת תּוֹרָה, הָאט דֶער גַבַּאי, אוּנְטֶערְגֶעטְרִיבֶּען דֶעם עוֹלָם, אַרוּמְטְרָאגֶענְדִיג גְלֶעזֶער בִּיעֶר.

אִין שְׁטִיבְּל הָאט אַ גְרוֹיסֶע טוּנְקֶעלְהַייט דֶעם אָרוֹן קוֹדֶשׁ פַארְשְׁטֶעלְט, אוּנ דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ פוּן דִי עֶרְטֶער נִישְׁט גֶערִיהְרְט.

— לְחַיִּים בְּרִידֶער הָאט אַיינֶער גֶעשְׁרִיגֶען.

— לְחַיִּים, לֶעבֶּעדִיג, הָאט דֶער גַבַּאי גֶעעֶנְפֶערְט,

— גָאט זָאל גֶעבֶּען אַ גוּטֶע פַּרְנָסָה, הָאט וֶוער גֶעווִינְשֶׁעוֶועט.

— פַּרְנָסָה, אוֹי בְּרִידֶער, פַּרְנָסָה הָאבֶּען אַפָּאר גֶעקְרֶעכְצְט.

דֶער גַבַּאי זֶעהֶענְדִיג, אַז דֶער עוֹלָם וֶוערְד עֶפִּים אַבִּיסְל אוֹיפְגֶערוֹימְט הָאט וַוידֶער בִּיעֶר דֶערְלַאנְגְט.

— אָט אַזוֹי עוֹלָם, לֶעבֶּעדִיג, לֶעבֶּעדִיג.

— אוּנ גָאט זָאל גֶעבֶּען אַ גוּט גֶעזוּנְט, אַז אַיין יוּד זָאל נִישְׁט דַארְפֶען צוּם צְוַוייטֶען אָנְקוּמֶען, הָאט אֵיין אַלְטֶער יוּד גֶעקְרֶעכְצְט, וָואס זִיצְט בַּיים לֶעצְטֶען טִישׁ.

אוּנ מָרְדְכַי קִירְשְׁנֶער, זֶעהֶענְדִיג, אַז דֶער עוֹלָם וֶוערְד אַבִּיסְל אוֹיפְגֶעמוּנְטֶערְט, הָאט עֶר זִיךְ דֶערְהוֹיבֶּען פוּן אָרְט אוּנ גֶעגֶעבֶּען אַ קְלַאפּ אִין טִישׁ.

— רַבּוֹתַי, גִיט עֶר אַ גֶעשְׁרַיי, לָאז מֶען פַארְגֶעסֶען פוּן פַּרְנָסָה, פוּן גֶעשֶׁעפְטֶען... הַיינְט אִיז שִׂמְחַת־תּוֹרָה, הַיינְט דַארְף מֶען פְרֵייהְלִיךְ זַיין.

— אַ וַדַאי, אַ וַדַאי, דַארְף מֶען פְרֵייהְלִיךְ זַיין, הָאבֶּען אַייניגֶע פוּן עוֹלָם מַסְכִּים גֶעוֶוען.

— בֶּערְל, הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אַ גֶעשְׁרַיי צוּם גַבַּאי, — וָואס שְׁלָאפְסְט דוּ, בִּיעֶר גִיבּ אַהֶער!

אוּנ מָרְדְכַי קִירְשְׁנֶער הָאט דָאס פֶּעסְל גֶענוּמֶען אִין דֶער אַרְבַּייט, אוּנ בֶּעשְׁטֶעלְט דֶעם טִישׁ מִיט דִי גְלֶעזֶער.

— אַייל דִיךְ נִישְׁט אַזוֹי, מָרְדְכַי, לָאז אִיבֶּער אוֹיף שְׁפֶּעטֶער, הָאט וֶוער גֶעמַאכְט אַ בֶּעמֶערְקוּנְג.

— נִישְׁט־קָשֶׁה, בְּרִידֶער, הָאט מָרְדְכַי גֶעשְׁרִיגֶען, אַז יוּדֶען ווִילֶען פְרֵייהְלִיךְ זַיין קָאן מֶען בַּיי וַואסֶער אוֹיךְ פְרֵייהְלִיךְ זַיין.

— מֵיינְסְט טַאקִי, אִיךְ דַארְף בִּיעֶר, הָאט חַזְקַאֵל בַּעַל־תְּפִלָּה גֶעזָאגְט... — אוֹיף טוֹיזֶענְט שָׁאק כַּפָּרוֹת, דֶער עִקָר דֶער פְלַאס... אַז יוּדֶען קוּמֶען זִיךְ צוּזַאמֶען דָאס אִיז שׁוֹין גֶענוּג...

דֶער עוֹלָם הָאט בִּיעֶר גֶעטְרוּנְקֶען ווִי ווִילֶענְדִיג אִין עֶפִּים פַארְגֶעסֶען... דֶער גַבַּאי הָאט זִיךְ בַּיים עֶק טִישׁ גֶעשְׁטֶעלְט אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען: שִׂישׂוּ וְשִׂמְחוּ בְּשִׂמְחַת תּוֹרָה.

— שִׂישׂוּ וְשִׂמְחוּ בְּשִׂמְחַת תּוֹרָה, הָאט דֶער עוֹלָם אָבְּגֶעעֶנְפֶערְט.

— אָט אַזוֹי, הֶעכֶער, וָואס שְׁלָאפְט אִיהר, הֶעכֶער, לֶעבֶּעדִיג..

הָאט מָרְדְכַי אוּנְטֶער גֶעטְרִיבֶּען.

— לְחַיִּים בְּרִידֶער!

לְחַיִּים!

— גוּט יוֹם־טוֹב.

— אַ גוּטֶע פַּרְנָסָה!

— וַוייטֶער פַּרְנָסָה, פַארְגֶעסְט... שְׁרַייט מָרְדְכַי קִירְשְׁנֶער.

דֶער גַבַּאי מִיט מָרְדְכַיִ'ן הָאבֶּען דָאס רֶעדְל גֶעפִיהְרְט, דֶער עוֹלָם אִיז לֶעבֶּעדִיג גֶעוָוארֶען, אוֹיפְגֶערוֹימְט, מֶען הָאט גֶעלָאזְט דִי

[25] אִיךְ וָויל קֵיינְמָאל נִיט פַארְגֶעסֶען.

גלעזער שטעהן, מען האט זיך אנגענומען איינער ביים צווייטענס האנט אונ געזונגען, אונ געשריגען:

— גוט יום־טוב, לחיים ברידער.

— היינט איז שמחת תורה, היינט מוז מען לוסטיג אונ פרייהליך זיין, האט מרדכי קירשנער געשריגען אונ אויסגעטאן זיך די קאפאטע, זי פארדרעהט אויף דער צווייטע זייט אונ צוריק זי אנגעטאן. פארדרעהט דאס היטל, וואס ער האט אויפ'ן קאפ — דער עולם האט איהם אין מיטען געחאפט, איהם אויפגעהויבען אין דערהייך אונ געשריגען:

— לחיים ר' מרדכי, גוט יום־טוב!

דער עולם האט געטאנצט.

— זינגען ר' מרדכי, איהר מוזט אונז עפּיס זינגען, האט דער עולם געשריגען.

אונ מרדכי האט זיך געגעבען א שטעל אנידער, צוגענומען די האנט צו דער באק אונ אנגעהויבען.

מרדכי האט געזונגען פרייהליך „שישו ושמחו בשמחת תורה", לעבעדיג. באלד, קיינער ווייסט נישט ווי אזוי, איז ער עפּיס פּלוצלינג אראב מיט'ן קול אונ באלד — ער געמט שוין א יום־כפור־נגון: אוי אוי אוי, יוי־יוי־יוי, אונ א יוד האלט איהם אונטער: אוי אוי, יוי־יוי־יוי. דערנאך איז דער גאנצער עולם ארוים מיט דעם קול: אוי אוי אוי, יוי־יוי־יוי. אונ עס איז טרויעריג פרייהליך געווארען.

א יוד ווארפט א בליק אין פענסטער. די שויבען זענען פארלאפען אונ דאס הארץ האט איהם עפּיס וואס געדריקט אונ איז זיך גלאט אזוי טרויריג געווארען. האט ער אונטערגעהאלפען:

„אוי אוי־א אונ דער „בחור" (דער ווינטער) איז דא".

אונ א צווייטער יוד אין א צווייט ווינקעל, פארשטעלענדיג זיך דאס פנים מיט ביידע הענט:

„דער פעלץ איז אויסגעקראכען".

אונ פון ערגעץ וואו א דריטער יוד מיט א טעמפּיג וויינענדיג קול:

„אונ דער אויוען איז צעבראכען".

אונ דער רעשט עולם מיט'ן קול:

אוי אוי, יוי, יוי: „אונ קיין געלד איז נישט דא..."

אין דרויסען האבען זיך שוין די הימלען מיט'ן אויר אויסגעמישט אונ זיי זענען אין איינעם טונקעל־גרוי געווארען. אונ א טונקעל גרויער פלעק האט איבער דעם שטיבל זיך געצויגען.

אונ מרדכי קירשנער שטעהט אלץ אין מיטעי שטוב אונ זינגט, הויך אויפ'ן קול:

— לעבעדיג, ברידער, לעבעדיג, לעבעדיג, אוי אוי אוי, יוי־יוי־יוי.

— ברודער, ווי איז דיר עפּיס אנגעקומען די צווייטע טעג? פרעגט איין יוד דעם צווייטען.

— די לייכטערס פארזעצט, אונ דו חזקאל?

— מיין פלונית'טעס קאפּטען. מיין קאפּאטע קאן איך נישט, מען מוז דאך דאווענען געהן, יום־טוב. זי, וועט זי נישט געהן שפּאצירען.

— — — — — — — — — — — — — — —

— געפּעדערט זיך דער „בחור, מורא געהאט ער וועט פאר־שפּעטיגען — זיפצט א צווייטער יוד.

זיבען חדשים, איין „עיבור".

— א צולעגעניש.

---

מרדכי קירשנער קוקט זיך אום, אלע זיצען ארום ביי דעם טיש, שווייגען, די קעפּ אראבגעלאזט, זארגען...

ער אליין, עפּיס אין א פארדרעהטע קאפּאטע שטעהט אין מיטען שטוב אונ מאכט זיך צום נאר — וואס א קינד בין איך?

אונ בעהאלטענערהייט האט ער דאס היטל פון קאפּ אראב־גענומען, צוריק זיך איהם פארדרעהט אויף דער רעכטער זייט, אין א ווינקעלע זיך געשטעלט אונ די קאפּאטע פארדרעהט.

אין דרויסען איז שוין פינסטער געווען, האט קיינער נישט געזעהן.

---

# צעקריגט.

א גאנץ יאהר חזר'ט זיך ביילע אברהם חיים'ס, אז צום משך ציהט זי זיך שוין ארוים פון זאנוול דעם שוחט'ס איידעם; אונ שרה זאנוול'ס ווייב נעמט אויף זיך בנדר, אז מעהר פארדינגט זי שוין ניט דער קבצנ'טע, דער א זוינער אונ א זעלכער, דאס פלינעל איהרס.

עס איז שוין אפשר באמת צייט: זעקס יאהר צו האלטען זיך ביי איין קאמערניק! אין זעקס יאהר איז שוין צייט געווען צו קריגען זיך אונ אויסצורעכענען זיך איינער דעם צווייטען אלערליי בזיונות אונ איבערצוחזר'ען זיי אזוי פיעל מאל, אז ס'זאל שוין פּשוט נמאס ווערען! אין זעקס יאהר זענען די ביידע פאמיליען קיין ביז אויג פאר־מעהרט געווארען: קליינע וואקסען אונטער, נייע קומען צו אונ עס איז זיי שוין ביידע ענג, דער אין פליגעל, יענער אין דער אייגענער שטוב אונ „אויף איין הויף".

פאלט אבער צום גליק אדער צום אומגליק משך־דירות נאר אנהייב זומער אדער אנהייב ווינטער. אנהייב זומער ווערד די וועלט אויסגעלייזט, אפען; ערטער ווערען ווי צעצויגען; עס איז קיינעם ניט ענג. פאר נויט איז אין דרויסען צו שלאפען א חיות.

צום משך וואס א קעגען ווינטער פאלט דאך פריהער סכות, אונ סכות נעמט ביי די צוויי פאמיליען איבער אלע קריג אונ רגז'ן:

מוצאי יום־כפור שטרעקט זאנוול אריין דעם קאפ צו אברהם חיים'ען דורכ'ן אפענעם פענסטערל: „א גוטע וואך, א גוט יאהר זאלען מיר זיך האבען אויסגעבעטען!"

„אמן גם אתם, טאטע זיסער, ענטפערען ביילע מיט אברהם חיים'ן אין איין קול: א גוט יאהר אויף אייך אונ כלל ישראל!".

— „א נו, דערלאנגט נאר אייער אייזערנע לאפּאטע!"

אונ מיט דער לאפּאטע געהט אברהם חיים בעסער פון זאנוול'ן; זאנוול שטעקט נאר איין מאל איין די לאפּאטע לשם מצוה; אברהם חיים מאכט די פּיעד גרובער, זאנוול פּלאנירט, אברהם חיים שטעלט אריין די סטאלבעס.

קיין סך ברעטער דארף זאנוול ניט האבען: א פּאר ברעטער קלאפּט מען אב פון די פּלייט פון ביידע זייטען; ווילען זיך די שכנים קריגען דערפאר, גיט מען זיי רשות: זיי מעגען זיך אויך נעמען פון זייערע סכות וועגען. אז ניט, האבען שכנים א חשבון: „אראב גענומען א פּאר ברעטער, וועט שוין זיין גרינג אריבער צו שפּאנען! וואס זשע

טויג א בעזונדערע סכה ?! ביי יעדען געפינט זיך עס אזוי א לאפאטע מיט אלע מכשירים ?!"

איז דא פיער סטאלבעס מיט פיער ברעטער, הייבט מען אן ארויס טראגען: א פיסל פון א צעבראכען בעטל, א דעק פון א קאנא־פע. א קאטשערע, א לאקשען ברעט, שטריקלעך, זאקען־בענדלעך, פארזשאווערטע צוועקלעך. זאנוול מעסט מיט'ן טפח, וויפיעל מע מעג אבריקען איין ברעט פון דעם צווייטען אזוי, אז ס'זאל ניט הייסען איין אפענע זייט, נאר ס'זאל האבען דעם דין פון א וואנט מיט לעכער...

דריי ווענט וואקסען פלוצלינג אויס; פון דער פיערטער מאכט מען א ברייטען צורת הפתח. פון דרויסען האט עס אפילו זעהר ניט קיין שיינעם אויסזעהן, נאר א סכה איז דער עיקר פון אינוועייניג; אונ אינוועניג געהט ביילע אברהם חיים'ס אריין ערב סכות, טראגט אריין איהרע שענסטע קולטעס אונ דעקען, אונ הענגט אויס אזוי אז דער קייזער מעג אריין קומען.

אברהם חיים איז איין איינקויפער פון קליינע בינטלעך וואל ביי די פויערען; ווי אזוי דאס יאהר זאל ניט זיין, מוז ביילע אלע יאהר אראבנגב'נען א ביסל וואל ביי איהם. אליין וואשט זי, אליין קעמט זי, שפינט אונ דרעהט אונ פארבט אונ גיט עס צווישען בע־קאנטע פויערינס אין דארף, עס וואקסט איהר אויס כמעט אלע יאהר א נייע קולטעם.

זי קאכעט זיך זעהר אין זיי. ניט אומזיסט איז זי געווען איין ארענדערס א מיידל.

אז ביילע געהט ארויס, נעהט ערשט שרה אריין, הענגט דארט אויף א שפיגעל, א פסול'דיגען אתרוג, עטליכע רויטע עפיל. זי טעלט אריין טישלעך. בענקלעך, וואש געשיר; עס קאן דערנאך קיינער ניט זאגען, אז ס'איז ענג אין סכה; עס קאן אויך קיינער ניט זאגען, אז א שטיקל פלאץ איז דא איבעריג. גלייך אלעס איז פריהער געמאסטען אונ געשאצט. ניט פארגעסען אפילו דאס ארט, וואו דאס גראבע סדור מיט'ן קליינעם לקוטי צבי דארפען ליגען.

אין דער שותפות'דיגער סכה קאן מען באמת מקיים זיין לישב בסכה: מע קאן זיך דארט א וועקזעצען אויף א גאנצען טאג, ניט א מאל זיך אויפצוהייבען: מע דארף נאר זיצענדיג אויסשטרעקען די האנט, דערלאנגסטו אלעס, וואס דיר איז נייטיג.

יעדע פון די צוויי בעזיצערס האט גערעכענט, אז די סכה איז אין גאנצען זייניע, דער צווייטער האט זיך נאר מהיכא תיתי משתתף געווען אין דער מצוה, אבער דער עיקר סכה איז זיינע.

אונ דערפאר האט געפאדערט דער יודישער דרך־ארץ, אז פארנאכט צו לעכט־בענשען האט שרה געוואורט, ביילע זאל פריהער אריינגעהן לעכט־בענשען, אונ ביילע האט געוואורט, שרה זאל פריהער אריינגעהן; יעדע האט זיך געטראכט: איך בין דאך בעל־הבית'טע, אונ יענע איז דער אורח, דער "איינגעבעטענער", זאל זי ניט זיצען אין סכה ווי א פרעמדע! זאל זי ניט מיינען, אז זי איז אימיצען צו שווער.

— נו, געהט שוין אריין, שרה!

— איך, נאר?! נאט איך נייעס! גיין געהט איהר פריהער!

— געהט שוין, געהט! וואס נראד איך? גיין געהט איהר!

אזוי לאנג זיך געשפארט ביז מען האט אויסגעפונען, אז ס'דא פלאץ פון ביידע ווענען, אונ ביידע מיט א מאל זענען געשטאנען אונ געשעפשעט איבער די לעכט. טאמיר האט איינע פארגעסען די שהחינו, האט זי די צווייטע דערמאנט. דאס זעלבע האט זיך איבער־געחזר'ט אויף דער נאכט צום קדוש: "געהט איהר פריהער; גיין, געהט איהר פריהער", ביז ס'האט זיך ענטדעקט, אז ס'איז דא ארט פון ביידע ווענען. ביים עסען האט יעדער פיי זיך אין הארץ מודה געווען, אז ווען ער זאל זיך געווען זיצען אליין צום טיש, וואלט געווען צו־גראם אונ סכיטשנע. צו דער צווייטער נאכט האבען ביידע בעל־הבית'טעס געהאט א חשבון אונ געקאכט איין שותפות'דיגען צימעס: סיי ווי פארזוכט ביים טיש דו דער'ס אונ יענע דער צווייטערס צימעס.

גוט, וואס די גרויסע שטוב מיט'ן פליגעל זענען מיט טיר אונ פענסטער געווען א וועק געדרעהט פון דער סכה; ווען־ניט וואלטען זיי זיך ביידע געדארפט פארשעמען. ווי עס זיצען אין א קליינער, ענגער סכה פרייליך אונ ליבליך צוויי פאמיליען, וועלכע קאנען א גאנץ יאהר אין אזוינע צוויי גרויסע, בעזונדערע שטובער קיין וואך ניט איבערלעבען אהן קריג אונ רגז.

שמיני עצרת, אז ביילע איז געגאנגען מזכיר נשמות זיין, האט שרה איהר אבגעקאכט די יום־טוב'דיגע סעודה; שמחת־תורה, אז שרה איז געגאנגען גוט יום־טוב ביעטען צום פאטער, האט ביילע אויף יענערס קיך געקוקט. קיין דיענסטען האבען זיי ביידע ניט געהאלטען, איין איינענע האנט איז איינע געווען דער צווייטער!

אונ חול־המועד, אז ס'איז ארויסגעקראכען אויפ'ן קאפ דאגת דירה, האט ביילע אויסגעצויגען מיט די פלייצעס: ווים איך? וואוהין וועל איך זיך שלעפען? נייע שכנים, נייע רגז'ן!"

שרה האט זיך אויך אויסגערעכענט: ווער ווייסט, וואס פאר א שלאק כ'וועל נאך אנטרעפען! מיט ביילען, איז זי שוין אזוי גע־וואהנט! מע קריגט זיך, מע בעט זיך איבער, מ'איז ווי איינענע!

זאנוול מיט אברהם'ן האט זיך אודאי ניט געגליסט צוצעטיילען; דא איז געווען אנדערע חשבונות: ס'פלעגט איינס ביי'ן אנדערע אמאל חאפען א גמילות חסד — א פינפערל, א צעהנערל. קיין איינענס האבען זיי ביידע ניט פארמאגט, נאר א פרעמד קערבל פלעגט זיך אפט דרעהען אי ביי דעם אי ביי יענעם. ביידע געווען מארק־סוחרים, ביי ביידע האט זיך געקאנט טרעפען אדער דאס אנגעגרייטע געלינגע געלד זאל ניט זיין וואו צו פארטון, אדער די מציאה, וואס גאט האט בע־שערט, זאל ניט זיין מיט וואס צו קויפען.

ווי זאנוול אזוי אברהם — אז זיי פלעגען נעהן ערגעץ חאפע'א גמילות חסד, האט מען געחאפט אויף "ביז פאר נאכט", אונ בע־שטארקט די זאך מיט א פאר שבועות. אבנעמען — איז יענער בעדאנקט געווען, אז ער האט ביי זיי אבגענומען אין א חדש ארום; דערפאר אבער איז גענוג געווען, ווען זאנוול איז אריין צו אברהם חיים'ן אדער אברהם חיים צו זאנוול'ען אין איין אטעם — "א גמילות חסד — א פינפערל — ווי גאט איז דיר ליב!" — איז גענוג געווען יענער זאל ענפען: "כ'האב א פינפערל, נאר איך דארפ'ס צום יריד!"

איז — אהן הבטחות, אהן שבועות האט יענער שוין מויערען געבראכען אונ דאס פינפערל צום יריד אבגעגעבען.

ביידע האבען פארשטאנען. וואס הייסט "איך דארפ'ס צום יריד!" "איך דארפ'ס צום יריד" הייסט: "דאס פינפערל איז סף הכל

א פרעמדס, און עס מעג זיך אויף מיינעם אפילו אנצינדען! דער עיקר איז, עס דארף מיר דערפון ארויס אויף שבת, און צוריק אומקעהרען זיך אהין, פון וואנען ס'איז געקומען, כדי ניט אנצוווערען דאס איינציגע ארט, וואו מע געטרוי'עט נאך פאר א קליין עיסק'עלע אויף טעגלעך".

עס איז שוין געוועזען א מעשה, ווען אברהם חיים האט געחאפט ביי זאנוויל'ען אזא פינגערל, וואס יענער האט עס „געדארפט צום יריד". איידער ער האט עס פארטאן איז איהם ביילע פלוצלינג פארשלאפט געווארען. דאס פינגערל איז געשטאנען אין סכנה. אברהם חיים איז געלאפען נאכ'ן דאקטער; נאר פריהער איז ער אריין צו זאנוויל'ען, און איהם צוריקגעגעבען דאס פינגערל.

אזוי האבען זיי א היבשע צייט אינאיינעם געלעבט אין שכנות; געקריגט זיך, איבערגעבעטען זיך, און ווער ווייסט ווי לאנג זיי וואלטען נאך געוועזען אזוי געזעסען — דארף זיך אריינמישען א שטן:

דארף שמואל שוחט, זאנוויל'ס שווער, חתונה מאכען א מיידל, און עס דערגעהט איהם ניט א הונדערטער.

קומט ער אן צו ר' יעקעלע בעל־הלואה; וויל יענער אנדערש ניט לייהען נאר אויף זאנוויל'ס איין „אימתי שירצה".

דארף זיך דער שוחט אריינמישען אין א שדוך פאר שלמה־חלפנ'ס בתולה, איינער פון ר' יעקעלעס געגנערס; א שידוך — פון לויטער תכלת; און ר' יעקעלע איז גראד אויך א נצרך דערצו: פארקעהרט: אז מע וויל, איז ער אפשר בר־מיצר, ווייל זיין בתולה איז אי א צוגעלעגטע סחורה, אי איין איבערגעוואקסענע, און מע מוז זי ווי גיכער פארטועען.

ווערד ר' יעקעלע ברוגז, און הייבט אן מאכען חתימות אויף א נייעם שוחט.

איז דאך זאנוויל א בעל־משפחה, און עס ווערד אקעגען א צד.

דערבייזערט זיך ר' יעקעלע, און גיט איין דאס קוויטעל, און קריגט גיך ארויס איין איספאלניטעלני־ליסט.

קומט דעם סודעבנע אויס אראבצופאלען פונקט אים סכות.

און אזוי ווי צו זאנוויל'ס שטוב האט ער ניט געקאנט צוטרעטען, ווייל זי איז אבגעשריבען אויף שרה'ן — האט ער אראבגעבעטען די קוליעמעס פון דער סוכה און האט זיי פארחתמ'עט.

און דא איז קיין מאנסביל אין שטוב ניטא: סכות אין דער פריה! יודען שטעהען אין קלויז פאר גאט ברוך הוא און טענה'ן: „למען אמתך".

„אדוני פריץ, רייסט זיך ביילע: ס'איז מיינס, כ'קאן דיר עס דערווייזען! כ'וועל שווערען! לאז שרה אליין זאגען!"

און דער פריסטאוו הערט אויס, און שיקט זי אב צו ר' יעקעלען.

ביילע שארפט זיך אן די צונג, און לאזט זיך געהן אין קלויז אריין. זי וועט איהם אנפאלען, דעם גביר, דעם דבר אחר, דעם בלוט־צאפער! זי וועט איהם די אויגען אויסרייסען! לייענען אין דער תורה וועט זי ניט לאזען, ביז דער עולם וועט ניט זעהן אריינלעגען זיך, ער זאל איהר טאקי שוין אבגעבען די קוליעמעס.

נאר, קומענדיג אין קלויז אריין, האט זי ר' יעקעלען ניט געפונען: ער איז געלעגען אונטער'ן טלית מיט דער שווערער עטרה, און האט געטרעסעלט מיט'ן לולב: חס־דו־ו!"

גישט געקריגען ר' יעקעלען — האט זי אויסגעלאזט דאס הארץ צו זאנווילען.

שווער איז גאר געוועזען ביז אברהם חיים האט תופס געוועזען, איבער וואס זיין ביילע רייסט זיך אזוי! נאכדעם אבער, האט ער שוין איבערגענומען איהר האנט, און זי האט זיך אהיים געחאפט אויס־גיסען דאס ביסל גאל, וואס איהר איז נאך געבליבען, אויף שרה'ס קאפ!

צעקריגט שוין ניט אויף איבער צו בייטען זיך! נאך יום־טוב האט זיך ביילע ארויסגעצויגען פון שרה'ן, שונאים אויף שטעך־מעסער.

רב אברהמ'ל האט אויסגעפיהרט: געבראכט א נייעם שוחט; דער צד שכנגדו האט אויף להכעיס געבראכט א נייעם דין.

האט מען אונטער געמסר'ט די טקסא, איז זי אין גאנצען אומגעפאלען.

מיט א מאל זענען געבראכען געווארען פון ברויט צוויי אלטע שוחטים, איינער א נייער, א רב, א דין, א נאמן פין טקסא, א בעל־טקסא.

איבריגענס, האט דער אומגליק פיעל ניט געדויערט: שטאדט בעלי־בתים האבען געזעהען, אז דאס שטעדטל געוואהנט זיך איין צו עסען אהן טקסא, אזוי אז שפעטער וועט שוין אוממעגליך זיין א טקסא צו פארדינגען, איז מען זיך צונויפגעגאנגען, שלום געמאכט; און כדי ס'זאל זיין דעם נייען דין און שוחט צו צאהלען, האט מען געהעכערט צוויי קאפיקעס אויף דער „אקו".

אלעס איז געקומען אין זיין ארדענונג, נאר ביילע נעביך שלעפט זיך אלע משך פון איין דירה אין דער אנדערער; זי קאן זיך שוין קיין בעל־הבית'טע ניט צו קלויבען; דא געפעלט איהר ניט, דארט געפעלט זי יענעם ניט, היינט איז איהר גאר ענג געווארען אין די שטיבלעך. וויפיעל זי איז געזעסען ביי שרה'ן געדענקט זי ניט ס'זאל איהר גע־ווען ענג זיין.

דערצו האט זי נ־ך א ביטער מזל: ווען זי דארף זיך ציהען, מוז רעגענען אין דרויסען! די קוליעמעס ווערען איהר בעגראבען.

יהודה שטיינבערג.

---

# אין איין סכה.

(ערצעהלונג).

מאיר בערמאן — א מענש פון מיטלער וואוקס, פון איין ערך א יאהר פינף און פיערציג — איז געקומען פון פאבריק פאר נאכט. ער האט קוים צייט געהאט אראבוואשען די פאזשע מיט די ברודיגע פעט'ס פון זיינע פארמאזאליעטע הענט.

אויף די צוויי פענסטער פון זיין צימער אויף דעם פינפטען שטאק האט זיך שוין אנגערוקט די נאכט.

און אונטען אין הויף איז שוין מחמת פינסטערקייט שווער עפיס צו דערקענען. נאר אז מאיר האט אנגעשפארט דעם קאפ אן פענסטער און האט גענומען בעטראכטען דעם הימעל — צי זענען שוין דא שטערען, צי קאן ער שוין דאווענען מעריב, — איז געפאלען זיין בליק קעגען איבער אויף דעם באלקאן פון שינדאר'ס (דער בעל־בית פון דער פאבריק, וואו ער ארבייט) דירה, און ער האט בעמערקט דעם באלקאן מיט דער סכה, וואס ער האט צונויפגעשטעלט, וועלכע איז

געוועזן פול מיט ליכט און האט געשיינט איבער'ן הויף, ווי א פיין פארפוצטע לאמטערן.

— די סכה — לויפט איהם דורך אין קאפ, און ער דערמאנט זיך, אז שינדאר האט איהם ערלויבט צו בענוצען זיך מיט דער סכה.

א האלבען טאג האט ער דענסטמאל געארבעט ביי דער סכה, און שינדאר האט איהם דאס פאררעכענט, ווי ער וואלט געארבעט אין פאבריק. צום רעכנונג האט ער איהם נאך מוסיף געווען א צוואנ־ציגער „אויף טיי" און האט איהם געזאגט, אז „אויב ער וויל" קאן ער דא קומען עסען, בכבוד גדול.

און עסען אין סכה האט זיך מאיר'ן געוואלט; איינענטליך ניט אזוי וואס די מצוה איז דערפון גרויס, נאר איהם האט זיך געוואלט מאקי פיהלען מיט איין אמת, אז עס איז יום־טוב. דא, אין שטוב, איז גאר קיין חלוק ניטא: דאס זעלבע ענגע איין און איינציגעס צימער פאר 7 פערזאן — ער, זיין ציפע־לאה, דריי מיידלעך מיט צוויי קלע־נערע יונגלעך —; דאס זעלבע טישטוך, וואס אלע שבת, די זעלבע דריי מעשענע לייכטער, וואס אזוי שטעהען זיי אויפ'ן פענסטער און היינט וועלען זיי שטעהן א ווייל אויפ'ן טיש, ביז דעם עסען, ווארום דערנאך איז ענג מוז מען זיי צונעמען... ציפה־לאה מיט די מיידלעך אין די זעלבע קליידלעך, וואס א גאנץ יאהר, און אפילו נישט פארקעמט, ווארום זיי קומען דאך מיט דער נאכט אהיים פון דער אר־בייט, עס וועט קיין צייט ניט זיין, — נו, איז דאס א יום־טוב?..

דערפאר אבער אין סכה — ערשטענס, עס איז גלאט א שנוי, און אז מען מאכט דא „קדוש" קלינגט ער עפים פרייער, היכיגער, יום־טוב'דיגער, ניט אזוי פארשטיקט ווי אין שטוב...

נאך א זאך דאט איהם געצויגען איצטער אין סכה, ער שעמט זיך גאר צו טראכטען וועגען דעם, — דאס, וואס ער וועט זיצען ביי איין טיש מיט זיין בעל־בית פון דער פאבריק און ער וועט קאנען זעהן, וואס, למשל, קאן עסען חיים שינדאר. איהם האט זיך קיינמאל ניט געמאכט זעהן, וואס א נגיד קאן עסען וועטשערע יום־טוב.

חאטש פיעל מאל איז ער אריינגעגאנגען צום בעל־בית מיטאג־צייט, נאר אבער וואס עס קומט פאר ביים עסען האט ער נאך קיינמאל ניט געזעהן: שטענדיג, ווען ער ברויכט עפים צו שינדאר'ן און דער „הער" איז פארנומען מיט עסען, הייסט מען איהם אבווארטען דא אין קיך, ביז וואנען דער „הער" וועט אבעסען...

דערפאר, איצט, צוזאמען מיט שינדאר'ן אין איין סכה, ביי איין טיש, אזוי ווי גלייכע בעלי־בתים.

— גלייכע בעלי־בתים — איראניזירט ער אין געדאנקען — איך, מאיר בערמאן, און ער — שינדאר.

— פונדעסטוועגען...

פונדעסטוועגען פיהלט ער זיך עפים אביסל ניט גאר בעקוועם, עפים אנגענעהמער וואלט געווען זיצען אין סכה מיט אייגענע ברידער, אזוינע פשוט'ע מענשען, ווי ער אליין, מיט וועלכע מען קאן פריי א ווארט אויסרעדען; פאר וועלכע מען ברויכט זיך ניט צו שעמען, צו שטיקעז און וואו מען זיצט, און וואס מען עסט איז אלץ גוט.

עם וואלט נאך דא אזוי שלעכט ניט געווען, ווען די סכה וואלט געווען אויפ'ן הויף; דא אבער ביי שינדאר'ן איז זי אויפ'ן באלקאן, און אריין אין סכה מוז מען דורכגעהן איבער'ן זאל, און דורכגעהן דעם זאל איז פאר מאיר'ן אזוי ווי דורכגעהן דורכ'ן „סטראי", — ווי ער סטארעט זיך ער זאל ניט אנטרעטען שטארק אויף דעם פלושענעם קאוויאר. דאך פיהלט ער, אז ער איז נאך ניט אזוי לייכט, ער האט נאך אין זיך עטוואס וואג...

— ע, נארישקייט — טרייסט זיך מאיר — א ווערט האט דאס, דורכגעגאנגען גיך און איך בין מיר אין סכה, וואס בין איך דארטען דאס ערשטע מאל? וואס? קען איך זיי ניט?

און ער האט א קוק געטאן ווידער אין פענסטער צום הימעל, און האט געטראכט ניט צו קוקען אויפ'ן באלקאן...

אז ער האט אבגעדאווענט „מעריב" איז צוגעגאנגען צו איהם ציפע־לאה און האט איהם געפרעגט, וואו וועט ער עסען?

— וואס הייסט, אין סכה וועל איך עסען! ענטפערט מאיר בעשטימט.

— אין סכה, ביי וועמען אין סכה? — פרעגט ציפע־לאה.

— ביי שינדאר'ן, — ענטפערט מאיר מיט אזא טאן, ווי ער וואלט געזאגט: וואס? דו ווייסט ניט ביי וועמען?

— ביי שינדאר'ן? וואונדערט זי זיך.

— און אז ביי שינדאר'ן איז וואס?

— וואס הייסט „איז וואס"? דעם הערינג וועסטו געהן אהין עסען?

— דעם הערינג, און פאר וואס האסטו קיין פיש ניט געקאכט?

— פון דיינע פרנסות קאן מען צאהלען אויף דרייסיג קאפיקעס א פונט פיש?

דעם פארוואורף האט שוין מאיר גלייכגילטיג ניט געקאנט אראבשלינגען.

— נאר אין סכה וועסטו מיר געבען עסען, — ענטפערט ער מיט כעס.

— איך וועל דיר אהין אין סכה ניט טראגען.

— נו, מיר וועלען זעהן.

— מיר וועלען זעהן, ברומט זיך נאך ציפע־לאה, פיהלענדיג, אז זי וועט ניט קאנען האלטען ווארט.

און מאיר האט אביסל צורעכטגעמאכט פון פארנט זיין קאפאטע פאררוכט עפים די פאות מיט דער באָרד, ארויפגערוקט אויפ'ן שטערע אביסל מעהר דאס היטל און איז ארויס פון שטוב.

— אט א משוגעת, — שאקעלט איהם נאך ציפע־לאה מיט'ן קאפ.

— א דאגה האסטו, מאמע, — מערקט אן ברכה, א דרייצעהן יעהריג מיידל, וואס איהר האט זיך געוואלט געפינען א געלעגענהייט א קוק טאן ביי שינדאר'ן אין סכה.

— וואס הייסט „א דאגה"? דו וועסט געהן טראגען איהם אהין עסען? איך וועל ניט געהן שווארצען מיין פנים, זאל ער דארטען זיצען חאטש די גאנצע נאכט.

און מאיר איז שוין דערווייל דורכגעגאנגען בשלום שינדאר'ס עס־צימער.

אין זאל האט זיך איהם עפים פארטשעפעט אן די פיס, ער האט געגעבען ניטווילענדיג א שלעפ און פון א ווינקעל האט זיך

געגנעבען אַ קליין טישל אויף דריי פיסלעך אַ זעץ אין דר'ערד, אַז ביי מאיר'ן האָט זיך אינווייניג עפּיס שטאַרק אַטרייסל געטאָן.

אָבער צעבראָכען האָט זיך גאָרנישט; עס איז נאָר געקומען צו לויפען גרישע, אַ קליין צוועלף-יאָהריגער גימנאַזיאַסטל, מיט רויטע פולע בעקלעך, אַ קוק געגעבען, און איז באַלד פאַרשוואונדען.

— פּאַפּאַ — הערט מאיר, גרישעס דין קול'כל — עטאַ מאיר, קאַטאַרי גאַ פּאַבריקיע.

מעהר האָט מאיר גאָר נישט געהערט, נאָר איהם האָט זיך געדאַכט, אַז עפּיס אַ מין געלעכטער האָט זיך דאַרטען דורכגעקוילעלט. ווי אַ לייכטער דינער ערגעץ ווייט, פון וואָס איהם האָט דורכגענומען אַ קעלט... שטעהן און טראַכטען איז שוין אָבער דאָ קיין צייט ניטאָ; ער האָט אוועקגעשטעלט דאָס טישל און איז אַריין אין סוכּה.

דאָס ערשטע, וואָס איהם האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין די אויגען איז געווען דער בליץ-לאַמפּ, וועלכער איז אַראָבגעהאַנגען פון מיטען סטעלי איבער'ן טיש, דערנאָך — גרויסע ברענענדיגע ליכט און אַ פלאַש וויין, דערנאָך האָט ער בעמערקט שינדאַר'ס גלאַטען, הויכען, גלאַנצענדיקען שטערן.

דאָס האָט געדויערט איין מאָמענט, לענגער בעטראַכטען האָט מאיר ניט געקאָנט, ער האָט נישט זעהענדיג געפיהלט, אַז שינדאַר מיט זיין מאַדאַם, מיט דער טאָכטער און גימנאַזיאַסטל, — אַלע קוקען אויף איהם.

— גוט יום-טוב! — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ דערשטיקטע קול, ניט קוקענדיג קיינעם אין געזיכט.

— גוט יום-טוב, גוט-יאָהר, — ענטפערט שינדאַר דורך די ציינער: — נו, איז וואָס שטעהסטו ביי'ן טיר, מאיר, געה אַריין און זעץ דיך. — און ער ווייזט איהם אָן אויף אַ שטוהל ביי'ן צווייטען ברעג טיש.

— ער וויל דאָ עסען ביי אונז אין סוכּה, — גוט שינדאַר צו ערקלערען זיין פרוי.

— אַך, פאַר וואָס ניט מיט כּל הכּבוד, — זאָגט מאַדאַם שינדאַר.

מאיר האָט אַ פּאָר טריט געטאָן און האָט זיך פאַמעליך אַראָבגעלאָזען אויף איין ברעג שטוהל. דער שטוהל אָבער איז געווען אַביסל צו ווייט פון טיש און איהם איז ניט אַזוי בעקוועם געווען צו זיצען אויף איהם, עפּיס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז די פיס זיינע שלעפּען זיך איבער'ן גאַנצען צימער.

פאַרזיכטיג האָט ער זיך אַרוק געטאָן צום טיש מיט דעם שטוהל צוזאַמען און האָט ווי עס איז פאַרשטעקט די פיס.

ערשט פילט ער זיך אַביסל בערוהיגט; נאָר אויפהייבען די אויגען און קוקען די בעלי-בתּים גלייך אין געזיכט — דאָס וואָגט ער נאָך ניט. ער האָט נאָר אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויף דעם גימנאַזיאַסטל און האָט בעמערקט, אַז ער האַלט זיינע ביידע ווייסע פויסטקעס הענטלעך אויף זיין פיסקל און שטיקט זיך פאַר געלעכטער.

— דאָס לאַכט ער אַ ודאי פון מיר, טראַכט זיך מאיר.

— חי-חי-חי, — האָט זיך דער גימנאַזיאַסטל ניט געקאָנט מעהר איינהאַלטען, בעמערקענדיג מאיר'ס פערלעגען פּנים.

— גרישאַ טשטאָ סמעשאַיש? — בייזערט זיך די מאַדאַם און סטראַשעט איהם, אַז זי וועט איהם פון סוכּה אַרויסטרייבען.

ער איז געוואָרען אַביסל רוהיגער, אָבער מאיר'ן איז דערפון ניט לייכטער געוואָרען, ער האָט שוין חרטה, וואָס ער האָט ניט געפאָלגט זיין ציפּע-לאה'ן.

ער זיצט שטיל אויפ'ן ברעג שטוהל און האָט מורא אַ ריהר צו טאָן זיך.

— צו וואָס האָב איך עס געדאַרפט? וואָס האָב איך דאָ נ'ט געזעהן? — מוסר'ט ער זיך אַליין אין געדאַנק — וואָס בין איך מיט זיי פאַר אַ מחותּן?

אָבער חרטה האָבען קאָן ער שוין ניט; ערשטענס, וואָס פאַר אַ פּנים האָט דאָס? און ווידער וואָגט ער ניט אויפהויבען זיך פונ'ם אָרט.

— נו, איז וואָס האָט דיר דערציילט רייכמאַן? — קעהרט זיך אום מאַדאַם שינדאַר צו זייער פריהערדיגען געשפּרעך, וועלכעס האָט זיך איבערגעריסען בשעת מאיר איז אַריינגעקומען.

די בעלי-בתּים האָבען זיך צערעדט, און האָבען שוין מאיר'ן כמעט ווי ניט בעמערקט גלייך ווי אויף זיין אָרט וואָלט געווען עפּיס אַ שטיק האָלץ. מאיר אָבער, בעמערקענדיג, אַז מען האָט אין איהם פערגעסען, האָט זיך געפיהלט עפּיס פרייער און האָט פאַמעליך אויפגעהויבען די אויגען אַביסל העכער איבער'ן טיש.

זיין בליק האָט זיך אָבגעשטעלט אויף די פלאַש וויין, אויף וועלכען ער האָט איבער געלייענט דאָס וואָרט: „כּרמל".

„ער האָט נאָך קיינמאָל ניט פאַרזוכט קיין כּרמל-וויין", ארץ-ישראל-וויין, — טראַכט זיך איהם ניט ווילענדיג. — אַז שינדאַר וואָלט איהם מכבּד געווען „מאַכען קידוש" אויף דעם וויין".

„און אַז ער וועט מיך יאָ בעטען, וועל איך טרינקען זיין וויין?"

און ער בעשליסט ביי זיך, אַז ער וועט געוויס ניט טרינקען; נאָר פונדעסטוועגען ווילט זיך איהם אַז ער זאָל איהם, חאָטש בעטען.

ער הויבט זיינע אויגען העכער און וויל קוקען ווייטער, ער גיט אָבער אַ קעהר דעם קאָפּ און בעמערקט — פּלוצים, ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַקסען — זיין 13-יעהריגע ברכה; זי שטעהט אין טיר מיט אַ פּאָר חלות אין די הענט. דאָס געזיכט איהר'ס איז רויטליך, די אויגען קוקען פאַרשעמט, און עפּיס אַ מאָדנער חן ליגט אויף איהר גלאַט פערקעמטען קאָפּ.

— גוט יום-טוב! האָט זי אַרויסגעזאָגט מיט אַ ווייך-ציטערדיג קול,

מאיר האָט בעמערקט, ווי די בעלי-בתּים האָבען זיך אויף איהר גייגעריג פאַרקוקט, און דאָס האַרץ האָט איהם אָנגעהויבען שטאַרקער צו קלאַפּען: וואָס האַלטען איינענטליך די בעלי-בתּים פון זיין טאָכטער?

— גוט יום-טוב, גוט יום-טוב! — האָבען איהר אַלע געענטפערט ליבליך, פון וואָס מאיר האָט בעשלאָסען, אַז זי איז זיי געפעלען געוואָרען און ער האָט זיך אָנגעהויבען פיהלען עפּיס לעבעדיגער.

— דו האָסט דאָך, מאיר, עפּיס נאָר אַ שיינע טאָכטער, איך האָב גאָר ניט געוואוסט דערפון, האָט מאַדאַם שינדאַר בעמערקט, ווען דאָס מיידל איז אַרויסגעגאַנגען.

— גאט זאל נאר העלפען, מען זאל איהר קענען גערעכט ווערען — ענטפערט מאיר, פיהלענדיג זיך זעהר דאנקבאר דער מאדאם פאר איהר בעמערקונג.

— נו, מיר וועלען „מאכען קדוש"? — רופט זיך אן שינדאר ווי צו זיך אליין.

„מיר וועלען מאכען קדו"ש", — לויפט איבער מאיר'ן אין געדאנק — ער מיינט אפנים מיך אויך".

ער האט לייכט א הוסט געטאן און האט זיך גענומען קערען אויפ'ן שטוהל, ווי ער וואלט וועלען עפיס זאגען. און קאן ניט.

— דו זוכסט עפיס, מאיר? — פרעגט שינדאר — דו ווילסט זיך אפשר וואשען — אט איז וואסער. דו וועסט אפשר מאכען קדוש אויף ווייז?

— ניין, איך דאנק אייך! — האט זיך ביי איהם ארויסגעריסען ניט ווילענדיג.

שעמעוודיג, געהאפט, שטיל, אז קוים וואס ער אליין האט געקאנט הערען, — האט מאיר אבגעזאגט דעם קדוש, ניט ווי ער האט זיך פריהער פארגעשטעלט. און איצט זיצט ער און קייט א שטיקל חלה, און ווארט ביז וואנען מען וועט איהם ברענגען דאס ערשטע געריכט.

— עפיס געדויערט דארטען צו לאנג, — טראכט ער, און האט זיך פארקוקט דערוויל אויף דער שיסל נאך פארעדיגע פיש, וואס שינדאר'ס דינסט האט אוועקגעשטעלט.

מאיר האט זיך דערמאנט, וואס ציפע־לאה האט איהם פריהער געזאגט — הערינג, הערינג וועל איך דארפען עסען, דא אין סכה, אויף איין טיש מיט שינדאר'ן. — און ער האט איינגענורעט דעם קאפ, ווי ער וואלט וועלען בעהאלטען זיך, מען זאל איהם ניט דערזעהן.

עפיס א מאדנע געפיהל האט זיך אין איהם אויפגעוועקט; ער וואלט ערשט וועלען, אז עס זאל זיך עפיס טרעפען א צופאל, ער זאל קאנען ארויס פון סכה, איידער מען וועט איהם ברענגען דעם הערינג.

— א שרפה וואלט זיך טרעפען ערגעץ אין א זייט, עס וואלט עפיס איינגעפאלען פלוצים, — טראכט זיך איהם — וואס עס איז, אבי פטור ווערען.

און מאיר זיצט און הערט, ווי שינדאר'ס פאמיליע לויבען די פיש... עס קיצעלט איהם אין נאז, עס רייצט זיין אפעטיט. און ער קייט תמ'עוואטע די טרוקענע חלה.

— וואס האט מען זיך עפיס גאר אין דיר פארגעסען? — פרעגט די מאדאם — דיין ווייב האט געקאכט פיש? היינט איז געווען אפילו גאנץ טייער — דרייסיג קאפיקעס א פונט, אבער יום־טוב אהן א שטיקל פיש, -- ניין? זי האט ניט געקאכט? דו ווייסט ניט? דו וועסט אפשר פארזוכען ביי אונז א שטיקל פיש? ניין? פאר וואס?

— שא, אט טראגט מען דיר עסען.

אז מאיר וואלט האבען בשעת מעשה ערגעץ א גרוב, וואלט ער אין איהר אוודאי לעבעדיגערהייט אריין פאר גרויס חרפה.

אין טיר איז געשטאנען זיין ברײנדל (נחי וואלט חאטש געווען ברכה!) א מיידל פון א יאהר 15, דווקא ניט קיין געראטענע: עפיס רויטע צעשויבערטע האר, א פנים פול מיט זומער שפרענקלעך, אנגעטאן א שמוציג, ערטערווייס צעריסען קליידל, — און האט געהאלטען אין די הענט א קליין פלאציג טעלערל. אויף וועלכען עס איז געלעגען אין דער פאר'ם פון א קליין ברייט פיש'ל, א צעהאקטער הערינג.

די מאוס'ה ברײנדל מיט דעם צעהאקטען הערינג דא ביי שינדאר'ן אין סכה! צו וואס האט עס געדארפט?..

און אז ברײנדל האט אוועקגעשטעלט דעם הערינג נעבען איהם האט ער זיך עפיס א טרייסעל געטאן און ארוק געטאן זיך א הינטער, ווי ער וואלט זיך וועלען בעשיצען פאר עפיס.

די מאדאם האט בעמערקט זיין פארלעגענהייט.

— דיין ווייב איז א בעל־בית'טע, מאיר, — מערקט זי אן — כדי צו ערמונטערען איהם עטוואס.

מאיר אבער האט גאר ניט געהערט און גאר גישט געענטפערט — נעבען איהם איז געשטאנען דער הערינג, אויף וועלכען ער האט געקוקט מיט אזא מין עקעל...

— פטור צו ווערען וואס גיכער! — לויפט איהם דורך אין קאפ, און ער האט זיך צוגעהאפט צום הערינג, ווי ער וואלט איהם וועלען אין איין מאל איינשלינגען.

אבער, וואס איז דאס? -- ער פיהלט, אז דער ביסען ווערגט איהם. מיט מאטערניש שלינגט ער איהם אראב — ער שעמט זיך אויפהויבען זיינע אויגען. ער האט מורא, טאמער בעגעגענט ער זיך מיט עמיצענס א שפאטישען שמייכעל.

— וואס טוט מען? — טראכט זיך איהם דערוויל ווי ווערד מען פטור פון דאנען?..

— א שרפה, א מפלה, חאטש א ביינדל וואלט זיך שטעלען אין האלז...

— און וואס וועט זיין שפעטער מיט דעם פלייש? וואו וועל איך זיך בעהאלטען? נאך וואס בין איך אהער געקראכען?..

ער פיהלט, אז פון אונטען ברענט איהם אזש דער קאפ, ער עסט און שלינגט ניט צעקייטע ביסען, אבי וואס גיכער פטור צו ווערען פונ'ם אומגליקליכען הערינג... פלוצים גיט איהם עפיס א שווינדעל אין די אויגען, און אנשטאט צו נעמען א ביסען חלה, האט ער אריינגעהאפט דעם שטיל פון מעסער אין מויל.

צי מען האט דאס בעמערקט צי ניט — ער האט דאס ניט געזעהן, נאר זיין פערלעגענהייט איז געוואקסען פון מינוט צו מינוט. „פטור צו ווערען וואס גיכער, פטור צו ווערען"! האט אין איהם אינוועניג עפיס געשריגען.

און ער האט גענומען שלינגען דעם הערינג גאנצע שטיקער־ווייז, אט נאך איין ביסען, נאך איין שטיקל, און געלויבט איז גאט, פטור געווארען!..

ער הויבט אויף דעם קאפ פונ'ם טעלער און גלייכט זיך אויס א ביסל, ער פיהלט זיך איצט עטוואס לייכטער, נאר דער קאפ דרעהט זיך עפיס, דער גאנצער שטערען איז בעדעקט מיט גרויסע טראפען'ס שווייס.

ער הויבט אויף די אויגען און בעמערקט, אז שינדאר'ס טאכטער, א פריילין פון א יאהר אכצעהן, מיט א קוים איינגעהאלטענעם געלעכטער געהט ארויס פון סכה און דער גימנאזיאסטל שטיקט זיך פאר געלעכטער.

— פון מיר, — דאס לאכט מען פון מיר מיט מיין הערינג —

לויפט איהם דורך א געדאנק, און עפיס א מאדנע געפיהל האט איהם מיט אמאל אנגענומען. אנשטאט פריהערדיגער הכנעה האט זיך אין איהם עפיס אויפגעוועקט א מין נקמה־געפיהל. ער וואלט איצט געגומען — דאכט זיך — מיט זיינע ביינענדיגע פינגער גרישען פאר'ן העלזל, און וואלט א פאר מינוט נישט מעהר אזוי פארקוועטשט, אז ער וואלט די צונג אויסגעשטעלט, און ניט פאר געלעכטער...

ער דערשרעקט זיך אבער באלד פאר דעם געדאנקען; ער הויבט אויף זיינע אויגען און קוקט אזוי פארצווייפעלט, ווי ער וואלט וועלען איבערצייגען זיך, צי לעבט נאך גרישע...

און גרישע אבער איז שוין געלעגען מיט'ן פנים אראב ביי שינדאר'ן אונטער'ן פלייצע און זיין קליין קערפער'ל האט זיך איגגאנ־צען געטרייסעלט פאר געלעכטער.

מאיר האט זיך קיין ארט ניט געפונען. ער האט גענומען פינט־לען מיט די אויגען, שטארק סאפען מיט דער נאז, האט גענומען ברע־כען זיינע ביינענדיגע פינגער אונטער'ן טיש, און ער פיהלט, אז אינ־וועניג ביי איהם וואקסט עפיס. וואס א מינוט ווערד אלץ גרעסער און גרעסער, אט באלד וועט ער פארשטיקט ווערען, עס קויקעלט איהם אונטער'ן האלז.

ער פיהלט, אז זיצען ווייטער, ביז וואנען מען וועט איהם ברענ־גען דאס צווייטע געריכט איז פשוט אוממעגליך, זיצען ביז נאך דעם עסען וועט ביי איהם ניט חאפען קיין געדולד און קיין כח, ביי איהם וועט פלאצען דאס הארץ... „איין ענדע מוז עס נעמען און שוין, ניט ווארטען אפילו איין מינוט!" — שרייט אין איהם א קול אינוועניג.

— דער רוח זאל נעמען שינדאר מיט זיין סכה, מיט מיין דלות צוזאמען! — רייסט זיך א געדאנק, א קללה, און ער שפרינגט אויף פונ'ם ארט און לאזט זיך געהן.

— וואוהין איז דאס, מאיר, אין מיטען עסען? — פרעגט דער בעל־בית.

— פטור ווערען פון אייך, — האט ער געוואלט זאגען.

— דער קאפ דרעהט מיר עפיס, — האט ער זיך אויסגערעדט, ארויסגעהענדיג פון סכה, און האט דערהערט הינטער זיך א שטארק געלעכטער פון דעם גימנאזיאסטל.

ער האט זיך געלאזט לויפען, ווי מען וואלט איהם געשטאכען פון אונטען, ווי משוגע איז ער ארויסגעלאפען אויפ'ן גאס.

— הוא־א־א־א־דא־א־א, — האט ער ערשט פריי און טיף אויפ־געאטעמט, ווי ער וואלט זיך בעפרייען פון א לאנגע געפענגעניש.

איינגע סעקונדען איז ער געשטאנען און געטראכט, וואוהין צו געהן; באלד אבער האט ער זיך געלאזט איבער'ן גאס. די לופט איז געוועזען מחיה'דיג. די גאס איז געוועזען פול מיט מענשען. מאיר אבער האט זיך געזוכט ערשט אזא געסל, וואו ער זאל קיין מענשען ניט זעהן, איהם האבען זיי ערשט אויסגעוויזען אזוי שלעכט, ערגער ווי ווילדע חיות...

באלד איז ער ארומגעגאנגען איינזאם ערגעץ אין עק שטאט, און אין די אויערן האט איהם נאך צייטלאנג געקלונגען א שטאר־קער געלעכטער, פון וועלכען ער האט זיך קיין ארט ניט געפונען וואו צו בעהאלטען זיך...

ם. ערליך.

---

# א סכות־ליעד'ל.

איך האב מיר א סכה
אויף גיך אויפגעשטעלט,
און וואהן אין איהר פרידליך,
און הער ניט קיין וועלט.

די ווענט נאר פון ברעטלעך,
א דעכל פון סכך, —
און זינג מיר דארט פרייהליך,
און ווער איז מיר גלייך.

און וועלען זי ווינטען
צעברעכען ביי נאכט, —
כ'האב ביז אין דער פריה שוין
א נייע געמאכט.

און לאז אויך א רעגען
א גים טון מיט קעלט, —
איך בין מיר גאנץ רוהיג
אין נאסען געצעלט.

מיך שרעקט ניט דער שטורם,
דער רעגען און ווינד:
איך וועל דאך ניט וואהנען
קיין סך אין איהר אצינד...

יעקב פיכמאן.

---

# בעריש.

בעריש זילבערפארב האט זיין גאנץ לעבען געבאקט ביינעל, בולקעס, ברויט און אלערליי צוקערגעבעקס.

נאך האלבער נאכט, ווען די גאנצע שטאדט מענשען האבען גערוהט, זיך געצויגען אויף די געלעגערס און געשעפט געזונט און פרישע קרעפטען פון דעם זיסען, געשמאקען שלאף, איז שוין בעריש געשטאנען, א פארפאראשעטער פון קאפ ביז די פיס מיט מעהל, אין א גרוב פאר דעם קאלעך־אויווען און געזעצט מיט אלערליי לאפעטעס אלערליי געבעקס אין הייסען גליהענדיגען אויווען אריין.

א רגע האט ער ניט גערוהט, אלץ געארבעט און געארבעט קוים דעם אטעם חאפענדיג און אלץ גיך, געשווינד, איילענדיג, ווי גלייך טויזענטער, טויזענטער שאטענס פון די אלע מענשען, וואס שלאפען איצטער, שטעהען אונטער איהם און דאמען איהם איין אין אויער: בעריש, אייל זיך ווארום באלד, באלד וועלען די שטאדט מענשען אויפשטעהן פון שלאף, אלטע, יונגע און קינדער וועלען זיך אויסחאפען און אלע וועלען פארלאנגען עסען, דער צוקערגעבעקס, דער בולקעס, דער בייגעל און דער ברויט.

און בעריש זעצט און זעצט אהן איין אויפהער געשווינד איין לאפעטע נאך דער אנדערער אין אויווען אריין.

לאנגע פייערדיגע צונגען בעלייכטען בעריש'ס מעהליגע, דארע געזיכט, זיי שפרינגען און ציעהען זיך צו איהם איינע נאך דער אנדערער. יעדע צונג סטארעט זיך מיט אלע קרעפטען אויסצוציהען זיך וואס לענגער און ווילען דערגרייכען צו בערישען, איהם א גלעט טון, א קיש טון, איהם ארומנעמען און מיט איהם צוזאמען טאנצען

זייער פריילעכען ברענענדיגען שפּרונג־טאנץ אין אויווען, נאר בעריש פארשטאפּט זיי די מיילער מיט א לאָפּעטע, די צונגען חאפּען זיך צוריק אונ שטרעקען זיך ווידער צו איהם.

עס איז שטיל, פון נאס הערט מען קיין שאָרך, נאר מינוטען־ווייז חאפּט זיך ארויס א הוסט פון ברישעס פארטרוקענט האַרץ ווי א ברעט אונ שטערט דאס שטילקייט. דער שטויב פון דעם טרוקענעם מעהל, וואס ער שעפּט אין זיך יאהרען לאנג, טרוקענט זיין האַרץ אונ ער ווייסט ניט ווי זיך אבצוטשעפּען פון דעם פארשאָלטענעם הוסט.

א דאָקטאָר האט איהם א מאל געזאָגט, אז אויב ער וויל ניט הוסטען זאל ער אַוועקוואַרפען דאס בעקערייי אונ אנהויבען טרינקען א סך מילך.

אַוועק צו וואַרפען דאס בעקערייי איז איהם שטאַרק געפעלען, ער וואָלט שוין לאנג געוואָלט אַוועק וואַרפען זיין בעל־הבית, צו וועלכען ער איז אַריין א געזונטער אייזערנער בחור. שוין מעהר ווי צעהן יאהר, אז ער אַרבייט דא. זיין בעל הבית איז געזונט אונ שטאַרק אונ ער, בעריש, האט ניט אויף קיין מילך אונ אט געהט יום־טוב אונ ער האט אפילו ניט מיט וואס צו קויפען נייע שטיוועל אונ זיין בעל־הבית האט אויף היינטיגען ראש השנה אויסגעקויפט די שענסטע עליה ביים שטאָדט־גביר אונ געוויזען דער גאנצער שוהל, וואס א בעקער קאָן.

אַזוינע געדאַנקען פליהען איצטער ביי ברישען אין קאפּ אונ ער וואָלט באלד אַוועקגעוואָרפען די לאָפּעטעס אונ אַוועק פון דעם אָרט, וואו דאס שטויב פון מעהל עסט אונ עסט אויף זיין ברוסט. נאר די צונגען שטעקען זיך ארויס לענגער צו ברישען, ווי גלייך זיי פארלאַנגען אונ בעטען עפּיס ביי איהם אונ ער הערט ניט אויף געשווינד זיי צו דערלאַנגען לאָפּעטעס נאך לאָפּעטעס.

---

ערב סכות... מען שליסט שוין אין שטאָדט די קלייטען. די קרעמערקעס לויפען אהיים מיט פארשידענע פּעקלעך עסענוואַרג לכבוד יום־טוב, בעל־הבית'טעס ניט קיין קרעמערקעס זענען שוין לאנג אין דערהיים, נאך פון פריה אנגעגרייט דער גאנצער יום־טוב.

אַלע סכות זענען שוין צוגעדעקט מיט סכך, ערטער־ווייז הערט מען נאך קלאַפּען צוועקעס אין די ברעטער פון די סכות, נאר וואס נעהנטער צו נאכט הערט מען דאס קלאַפּען ווינציגער אונ ווי עס איז נאר ליכטיג געוואָרען אין א פענסטער פון א יודיש הויז, האט דאס קלאַפּען אין די סכות אין גאנצען אויפגעהערט.

אין די פענסטער פון די יודישע הייזער ווערד ליכטיגער ווי אין אַלע נעכט פון דער וואָכען, דער עולם לויפט שוין אין שוהל דאַווענען.

אויף דער גאס דרעהט זיך ארום בעריש, ער לויפט ניט, ער איילט זיך ניט, ער האט ניט ווי אהין צו געהן.

שוין עטליכע טעג, אז ער איז אַוועק פון זיין בעל הבית, זיך צעקריגט מיט איהם פאר די גאנצע צעהן יאהר, מעהר ניט אויסגע־האַלטען... אונ מיט כעס פון איהם אַוועק אונ שוין עטליכע טעג, אז ער געהט ארום אהן אַרבייט.

ער האט נעכטען אונ היינט אַריינגעקוקט אין די קלייטען, וואו עס פארקויפט זיך ברויט אונ קעז, פרוכטען אונ מילך. נאר ער האט אַלעמאל א טאפּ געטאן זיין קעשענע אונ אַוועק וואס ווייטער פון די דאזיגע קלייטען.

ער האט געוואָלט אבשטעלען א בעקאנטען אונ עטוואס בעטען, נאָר דאס מויל האט זיך איהם ניט געעפענט.. ער ווייסט ניט ווי אזוי מען בעט... פון קינדהייט אָן האט ער נאר שווער געאַרבעט אונ פאַר־לאַנגט. קיין מאל ניט געבעטען נאר פארלאַנגט...

די נאכט איז לויטער אונ שען. אין אַלע סכות לייכט זיך אונ עס פיהלט זיך אין דער לופט ריחות פון פריש געקאכטע פיש, פון פרישע בולקעס אונ פון אַלע אַנדערע פריש געקאכטע עסענס. עס הערט זיך פון די סכות א געקלינגעריי פון גאָפּעל מיט לעפעל.

ווי עפּיס א מאגנעט ציהט ברישען נעהנטער אונ נעהנטער צו די סכות אונ ער פיהלט אַליין ניט, ווי זיינע פיס טראָגען איהם נעהנ־טער צו זיי. ער שעפּט אין זיך די טייערע ריחות פון די פרישגעקאכ־טע יום־טוב'דיגע עסענס...

אט איז ער ווידער ביי דער אַרבייט, וואו ער האט אבגעבאַקען דאס געבעקס, דער אויווען קיהלט שוין, נאר דאס געבעקס איז נאך וואַרעם ליגענדיג אנגעוואָרפען אין די גרויסע מוישען, דאס געבעקס קרעכצט נאך אין די קוישען. אט איז א קויש פול מיט פרישע בילקע־לעך מיט מאהן בעשיט, דער מאהן פארשמעקט איהם שטאַרק, ער ציהט אַריין אין זיך דעם ריח פון דעם מאהן טיעף, טיעף אונ עסט אסך, אסך פרישע בילקעלעך מיט מאהן, ער עסט צו צוויי מיט אמאל, צו דריי... צו פינף... אט זעהט ער א קויש פול מיט אייער־ביינעל, ער חאפּט עטליכע מיט אמאל אונ שלינגט שלינגט.. אט ליגען פרישע ברויטלעך מיט קימעל בעשיט, ער ציהט אין זיך דעם ריח פון קימעל טיעף טיעף ביז אין לעפעלע פון האַרצען, ער צעברעכט א ברויט אונ בייסט מיט אַלע ציינער, ער זעהט די סימנים פון זיינע ציינער אין דעם אבגעביסענעם שטיק ברויט אונ עסט עס אויך אויף. אט ריקט ער צו צו זיך דעם גרויסען קויש מיט צוקערגעבעקס, קליינינקע ביינעלעך בע־שיט מיט צוקער, ער חאפּט א פולע האנט אונ שיט זיי אין מויל ווי אַרבעס... אך גוט.. אזוי גוט... עס איז זיס פון די זיסע ביינעלעך אין יעדען אבר. ער נעמט מיט ביידע הענט אונ שיט זיי ווידער אין מויל אַריין... עס ווערד איהם נאך זיסער... אונ בעריש פאַלט מיט דעם קאפּ אויף א דינער וואנט פון א סכה. דער עולם פון סכה לויפט ארויס, עס ווערד א גוואַלד א מענש ליגט אין חלשות... וואַסער וואַסער, א מענש חלש'ט, הערט מען געשרייען.

אין צוויי טעג שפּעטער האט מען אין די צייטונגען צווישען די שטעדטישע נייעסען געלייענט צוויי קליינע שורה'לעך מיט די קלענסטע אותיות'לעך, אז די ערשטע נאכט פון דעם יודישען יום־טוב איז נעבען א סכה געפאלען א מענש טויט, ער הייסט בעריש זילבער־פארב, א בעקער. דער שטעדטישער דאָקטאָר האט געפונען, אז ער איז געשטאָרבען פון הונגער.

מ. ספּעקטאָר.

---

# פּאָליטישע ענינים.

(דער קייזער פון עסטרייך אונ די מאַדיאַרען, ענגלאנד אונ אירלאנד. וועט אירלאנד באלד בעפרייט ווערען ?

דער קייזער פון עסטרייך האט די מאַדיאַרען געלעהרענט דרך־ארץ. דאס אונגארישע פאָלק, וואס האט אים יאהר 1867 בעקומען

איין אייגענע רעגירונג אויף דעם יסוד פון קאנסטיטוציע, אונ גאר דורך דעם מיליטער מיט דער האנדעלספאליטיק איז עס געבליבען פאראייניגט מיט עסטרייך אונטער דעם זעלבען הערשער — נעהט אלע מאל ווייטער אונ וויל זיך איצט שוין אין גאנצען אבּרייסען פון עסטרייך. די עסטרייכישע פעלקער וואלטען שוין אפילו געווען צופרידען פון דעם, ווארען דאס אנגעבונדען זיין אן אונגארן קאסט זיי טייער. אז די אונגארן זעהען אז מען ברויכט זיי, זאגען זיי: אויב איהר ברויכט אונז בעצאהלט. אזוי מוזען די עסטרייכישע פעלקער גרעסערע שטייער לאסטען טראגען ווי די אונגארישע. נאך מעהר צופרידען וואלטען געווען די סלאווישע פעלקער פון עסטרייך. ווארען אז די אונגארן וועלען זיך אבּרייסען שוין צום איבריגען פון עסטרייך וואלטען זיי אויך געהאט טענות זיך צו בעפרייען. דורך דעם קאן דער קייזער נישט נאכגעבען די אונגארן מעהר ווי ער האט זיי שוין נאכגעגעבען. אבער די אונגארן האבען זיך שטארק איינגעעקשנ'ט, ווילען נישט בעשטעטיגען דאס מיליטער-געזעץ אונ לאזען נישט קיין שום זאך פארהאנדלען אין פארלאמענט אונ קיין שום אונגארישער וויל קיין מיניסטאר-פאסטען נישט אננעמען אנשטאט דעם פריהערדיגען מיניסטעריום, וואס האט אבגעדאנקט נאך פאר זעקס וואכען. די אונגארן האבען געמיינט אז זיי וועלען מיט עקשנות דעם קייזער אבשרעקען אונ ער וועט מוזען נאכגעבען. איצט זעהען זיי, אז זייערע האפנונג איז אומזיסט. דער קייזער האט אין א בריף צום גראף קוהן-העדערווארי, וואס ער האט איהם צוריק איבערגעגעבען די רעגירונג אונ אויף די גאליציישע מאנעווער אין איין ארמעע-בעפעהל בפירוש געזאגט, אז ער וועט קיינמאל נישט לאזען טיילען דאס מיליטער, דאס מוז תמיד פאראייניגט זיין, ווייל דאס איז זיין אייגען רעכט אונ ער וועט עס נישט אוועקגעבען. ער האט אויך די מאדיארען א ווינק געגעבען, אז דאס פאראייניגטע מיליטער וועט אויפטרעטען קעגען יעדען פיינט... די מאדיארען שפייען איצט פייער אונ גאל, זיי העצען דאס פאלק מען זאל קיין שטייער נישט צאהלען. דאס וועט זיי אבער גאר נישט ניצען. זייערע גענצליכע פרייהייט וועלען זיי לעת-עתה נישט בעקומען. איצט איז דער דייטשער קייזער ווילהעלם געווען אין וויען אלס פעהבינדעטער פון קייזער פראנץ יאזעף. דאס גיט אויך דעם קייזער פראנץ יאזעף מוט, נישט נאכצוגעבען די אונגארן. אלס פערבינדעטער פון קייזער ווילהעלם מוז ער האבען א פאראייניגטע ארמעע.

די בעפרייאונג פון די אירלענדער איז ווידער פאר ענגלאנד איינע פון די שווערסטע שאלות. כל-זמן די קעניגין וויקטאריע האט געלעבט האט מען מיט דער דאזיגער פראגע נישט געקאנט קומען צו איין ענדע. חאטש דער בעריהמטער מיניסטערפרעזידענט גלעדסטאן האט זיך זיין גאנץ לעבען בעמיהט צו געבען די אירלענדער אלע פרייהייט, האט ער עס נישט געקאנט אויספיהרען, ווייל די ענגלישע קעניגין אונ אלע לארדען זענען געוועזען געגען דעם אונ נישט איינמאל האט דער אלטער גלעדסטאן געמוזט איבער לאזען זיין שטעלע זיין גרעסטען שונא לארד בעקאנספיעלד אונ שפעטער, אז בעקאנספיעלד איז געשטארבען — זיין תלמיד מובהק לארד סעליסבורי. היינט אבער האט זיך דער ענגלישער קעניג פעסט ענטשלאסען צו בעפרייען די אירלענדער, אבער נישט אזוי געשווינד וועט דער קעניג אויספיהרען זייז וואונש.

דאס רוב אירלענדער זענען ארימע ערד ארבייטער. די ערד וואס זיי ארבייטען האלטען זיי אין ארענדע פון די ענגלישער לארדען אונ צאהלען זיי א געוויסען פרייז. היינט האט די ענגלישער רעגירונג זיך מתחיב געוועזען, צו לייהען די ארימע אירלענדער 100 מיליאן פונט שטערלינג אויסצוקויפען דאס לאנד פון די לארדען. דאס געזעץ, וואס האט ביז אהער געהערשט אין ענגלאנד, אז קיין ענגלישער לארד טאר נישט פארקויפען זיינע ערד די אירלענדער, איז אפילו בטל געווארען, אבער צווינגען די לארדען, אז זיי מוזען פארקויפען זייערע ערד צו די אירלענדער, קאן מען נאטירליך אויך נישט; דאס קאן גאר געשעהן מיט דעם גוטען ווילען פון די לארדען. דערווייל זענען אבער נאר צוויי לארדען דערויף מרוצה געווארען אונ די זעלבע צוויי פארלאנגען אזא הויכען מקח, וואס די אירלענדער קענען בשום אופן נישט געבען. אונ דעריבער וועט נאך געדויערען א רעכט ביסל צייט ביז די אירלענדער וועלען אין גאנצען בעפרייט ווערען.

## נייעס פון דער וואך.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז דער וואס פארפערטיגט מינעראל-וואסער האט דעם דין פון א בעל מלאכה אונ האט דאס רעכט צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד, ווען ער ברענגט א דאקומענט פון א פאבריק, אין וועלכע ער האט געארבעט.

— דעם 23 אויגוסט זענען ארויס פון אדעסא מיט'ן שיף איינינע יודישע פאמיליעס בעלי מלאכות פון קישינוב, זיך צו בעזעצען אין ירושלים.

## דער אומגליק אין האמעל.

(פון אונזער ספעציעלען קארעספאנדענט).

האמעל, 3/16 סעפטעמבער 1903.

ווער וואלט געגלויבט אז ביי אונז אין האמעל זאל זיין א פאגראם! א שטאדט קיין עין הרע פול מיט יודען זאל מיט אמאל א תל ווערען! אונ דורך וועמען? דורך דער האנט פון א הייפעל באסיאקעס! אז מיר וועלען גוט בעטראכטען די סבה, פון וועלכער עס האט זיך אנגעהויבען דאס געשלעג צווישען יודען אונ קריסטען אונ אז מיר וועלען ריכטיג שילדערן אלעס, וואס עס איז פארגעקומען בעת דעם פאגראם, וועלען מיר ערשט קאנען פארשטעהן, פאר וואס זענען ביי אונז מעגליך אזאלכע מעשיות ווי אין קישינוב אונ האמעל.

די מעשה איז געווען אזוי: שוין א טאג צעהן, אז מען מורמעלט אונטער, אז די קריסטען ווילען בעפאלען די יודען. נאר קיינער האט דערויף קיין אכט ניט געגעבען, ווייל באמת איז א געלעבטער צו הערען, אז אימעצער זאל זיך אונטער שטעהן בעפאלען אזא גרויסע קהלה. פרייטאג 29 אויגוסט בייטאג אזייגער 4 לערך איז געקומען א קריסט אין מארק אונ איז צוגעגאנגען צו א יודענע אונ האט אנגעהויבען האנדלען ביי איהר עטליכע הערינג. די יודענע האט איהם געווייהנליך געאנטווארטעט וויפיעל די פרייז איז. דערנאך זאגט דער קריסט וויפיעל ווילסט דו פאר דאס גאנצע פעסל הערינג?” די יודינע האט געוואלט טרייבען שפאס מיט דעם קריסט אונ זאגט איהם: אנ-דערהאלבען רובל”. (אין פעסעל איז געווען הערינג אויף פינף רובל) דער קריסט האט ניט געמאכט קיין שאלות אונ האט איהר געוואלט

בעצאהלען ½ 1 רובל, אבער די יודענע האט איהם געענטפערט: פארשטעהסט דען ניט, אז איך טרייב שפאס, ווייל איך ווייס, אז דו דארפסט ניט די הערינג". דער קריסט האט אבער געוואלט נעמען דאס פעסל מיט גוואלד; נאר אז די יודענע האט אבער ניט געוואלט געבען האט ער איהר געוואלט צעברעכען דעם קאפ. איהר צו הילפע זענען געקומען איהרע ברידער און האבען אנגעהויבען אבטרייבען דעם קריסט. באלד האט שוין אקריסט א געשריי געגעבען דאס בעוואוסטע געשריי: „שלאגט די זשידעס!"

בקצור, מאמענטאלנע איז געווארען ארעש אין מארק, א געפילדער, אטומעל; יודען און קריסטען שלאגען איינע די אנדערע. די קרעמער האבען פארשלאסען זייערע מאגאזינען און געוועלבער. פון דער קריסטליכער פארשטאדט און נאך פון אנדערע זייטיגע גאסען האבען זיך געלאזט לויפען הונדערטער גוים אין די צענטער גאסען, וואו יודישע געשעפטען געפינען זיך און האבען זיך אריין געמישט אין דעם געשלעג. פיעל סאלדאטען זענען נאך דעמאלט ניט געווען אין שטאדט, אויסער איין ראטע. די פאליציי איז ניט געווען בכח איינהאלטען די אונרוהען, די יודען האבען זיך זעלבסט פארטיידיגט ווי ווייט זיי האבען נאר געקאנט. איינער פון די קריסטען פון א נאהנטען דארף איז שווער פארוואונדעט געווארען און איז טאקי אויף דעם צווייטען טאג געשטארבען. אויך פון דער יודישער זייטע זענען שווער פארוואונדעט צוויי יודען, און אייניגע שוואך פארוואונדעטע.

איך זעלבסט וואהן אין פארשטאדט צווישען די קריסטען איז מיר פארגעקומען הערען דאס געשפרעך צווישען אייניגע האמלער קריסטען, וועלכע האבען געמוזט אנטלויפען פון פלאץ, ווי אזוי זיי האבען געקריצט מיט די צייהן פון כעס און שנאה, אז די „זשידעס" זאלען גאר האבען א העזה זיך פארטיידיגען! און האבען אנגעהויבען אויסטראכטען כל המינים שקרים, אז יודען האבען צעקוילעט 36 קריסטען און פיעל צעהנדליגע האבען זיי שווער פארוואונדעט, פון וועלכע עס זענען שוין געשטארבען 8 אין שפיטאל וכדומה שקרים און בלבולים, צו וועלכע מיר יודען זענען שוין געוואהנט געווארען. די קריסטליכע אינטעליגענץ איז אויך געווען שטארק אויפגערעגט געגען די יודען, למאי זיי האבען געהאט די העזה זיך פארטיידיגען.

שבת און זונטאג (30 און 31 אויגוסט) זענען דורכגעגאנגען רוהיג. די יודען האבען זיך כלל ניט געשראקען און די קריסטען, הגם זיי האבען געקריצט מיט די צייהן אין די ווינקלען, אבער זיי האבען זיך איינגעהאלטען פון עפיס צו׳ טין. מאנטאג דען 1 (14) סעפטעמבער, אז מיר האבען זיך שוין גאר פארגעסען אויף דער גאנצער מעשה, א זייגער 12, האלב איינס מיטאגס, האט מען אנגעהויבען מיט אמאל פארשליסען די קראמען, מאגאזינען און באנקען און יודען האבען זיך אנגעהויבען קלויבען אין די גאסען. וואס איז די מעשה? מע זאגט, אז נעבען וואגזאל אויף קאנאיא פלאשטשאד פאלט מען אן אויף יודישע הייזער, פערערען פליהען, כלים און בגדים ווערען צעבראכען און צעריסען און מע מאכט א תל פון יודישע הייזער.

די ערשטע גאס, וועלכע האט געליטען פון דעם פאגראם איז געווען די וואקזאלנע. דארט האט מען ראזארעט פיעל קראמען און הייזער. נאך דעם איז מען אריבער אויף דער טעכנישעסקער גאס, וואו מע האט זיך נוהג געווען מיט יודיש גוטס ווי דער מנהג איז.

עס האבען געוואהנליך ניט געפעהלט קיין יודען, אויך וועלכע האבען געאיילט העלפען זייערע ברידער. די פאליציי האט צוגענומען ביי קריסטען און יודען דאס געוועהר און געארעסטירט. נאר פון דעסטוועגען האבען די פאגראמשציקעס געטאן דאס זייריגע. זיי זענען געגאנגען אויף די פאלגענדע שטראסען: גענעראלסקאיא, נאוואקאווסקאיא, מאחאוו פערעאולאך, אויך א גאנצע פארשטאדט איבערהויפט מיט יודען בעזעצט, וועלכע הייסט „אמעריקא", דארט האט מען א תל געמאכט פון די גאסען: סטאליארנאיא, רעטשיצקאיא, סענאיא, בעליצקאיא, און אנפאנג פאלעוואיא און נאך אנדערע. דא וואהנען איבערהויפט ארימע יודען און אביסל פון מיטלען שטאנד, וועלכע זענען איצט נאך דעם פאגראם אויף פאראומגליקליכט געווארען.

ביז זייגער 5 האבען די פאגראמשטשיקעס געארבייט אויף „אמעריקא" און נאכדעם האבען זיי זיך געלאזען געהן אויף עק קוזנעטשנאיא וואו עס וואהנען ווייניג יודען און האבען אין איין הויף א תל געמאכט 17 פאמיליען און אין דעם צווייטען 3 פאמיליען. אז זיי זענען פארטיג געווארען מיט דיזע זענען זיי געגאנגען אויף עק פאסקעוויטשעסקאיא און האבען גענומען ארבייטען אין א יודישען הויז, ביי וועלכען עס איז ניט געבליבען קיין שריד ופליט.

נאך דעם האבען די באסיאקעס זיך געלאזען נאך סוועטשנאיא, וואו זיי האבען צעבראכען אייניגע הייזער און א קרעמל און זענען געקומען נאך ספאסקא־גאס. דא וואהנען פיעל יודען, אבער אין קריסטליכע הייזער, האבען זיי זייערע בעלי־בתים געראטעוועט, נאר אייניגע יודען, וועלכע וואהנען אין יודישע הייזער זענען בערויבט געווארען.

אין דער זעלבער צייט וואס די פאגראמשטשיקעס האבען געארבעט „אויף אמעריקא" זענען אנדערע באסיאקעס בעפאלען אייניגע גאסען אויף דער צווייטער עק־שטאדט, וועלכע הייסט מיט דעם נאמען „קאווקאז". דארט האט מען אויך חרוב געמאכט אייניגע גאסען און די „קוזניצעס", וואו מע האט געבראכט אין עלענד און נויט פיעל יודישע ארימע פאמיליעס.

דער יודישער צענטער פון האמעל. וואו עס געפינען זיך די רייכסטע מאגאזינען, סקלאדען און באנקען איז געבליבען אונבעריהרט. דער גובערנאטאר איז הייגט (${}^{3}/_{16}$ סעפט.) פריה געקומען אין האמעל. נאך פון געסטערן האט דער פאליציימייסטער דורך דעם גובערנאטארס א טעלעגראמע גענומען שטרענגע מיטלען געגען די פאגראמשטשיקעס. דער פאליציימייסטער הער ראיעווסקי האט געארבייט מיט אלע קרעפטען ניט צו דערלאזען די פאגראמטשיקעס זיך פארשפרייטען איבער די הויפט־גאסען.

לעת עתה זענען די יודען אין פחד און מורא. עס געפינען זיך אכט יודישע הרוגים. אויסער די זענען דא נאך עטליכע, וועלכע זענען זעהר געפעהרליך פארוואונדעט און האלטען ביים שטארבען. הונדערטער יודען געהען איבער דער שטאדט מיט פארבונדענע קעפ. די לאגע פון האמעל איז א שרעקליכע. וואס וועט זיין ווייטער? גאט ווייסט!

ש. בערמאן.

---

* דעם „ווארשאווסקי דניעווניעק", וועלכער געהט גאנץ אפט אין דעם נאוו. ווֶרעם. דרך, שרייבט מען פון האמעל: איך בין אלייז

דערביי געוועזען ביי די אונרוהען אין האמעל און קאן אייך שרייבען ריכטיגע ידיעות וועגען דעם.

דעם 29 אויגוסט, האט זיך דער האנדעל אויף דעם מארק, צו ליב דעם קריסטליכען יום טוב אנגעהויבען שפעט; די צאהל פון די צונויפגעפאהרענע קריסטען איז געוועזען גרויס; ארום 5 דעם זייגער ביי טאג האט א ליעשניק פון דעם גראף פאסקעוויטשעס אומעניע געקויפט אויפ'ן מארק ביי א יודישע קרעמערקע א פאר הערינג. ער האט בעצאהלט און האט אנגעהויבען צו בעקוקען די איבריגע הערינג פון פעסל, ווייל ער האט געוואלט נאך קויפען; די הערינג־קרעמערקע האט איהם געזאגט „וואס זוכסט דו דארטען" דו ועסט דאך נישט קויפען!" דערויף האט דער פויער געענפערט; אז איך וויל קויף איך אב אין גאנצען און אז ער איז משוה געווארען מיט'ן פרייז און בעצאהלט פאר די הערינג האט געוואלט צונעמען דאס פעסל; די יודען אבער, וואס זענען געשטאנען דערביי, האבען געפונען, אז זי האט דאס פעסל הערינג פארקויפט צו ביליג און זי האט אנגעהויבען אוועק נעמען פון איהם די הערינג און די יודענע האט איהם געשפיגען אין פנים; דער פויער האט איהר דערלאנגט א פאטש, די קרעמערקעס מאן איז בעפאלען שלאגען דעם פויער און יענער האט איהם צוריק געשלאגען. די פאליציי־סקע, וואס זענען דערביי געוועזען האבען געוואלט ארעסטירען דעם פויער און דעם יודען און זיי צושטעלען אין פאליציי, צו מאכען א פראטאקאל, די יודען האבען עס אבער נישט דערלאזט און האבען אנגעהויבען שלאגען דעם פויער און אנדערע יודען האבען אויך גענומען אין דעם איין אנטייל. די רוסען, וואס האבען דאס צוגעזעהן האבען זיך אנגענומען פאר דעם פויער און האבען זיך אנגעהויבען צו שלאגען. באלד דערנאך האבען די יודען פארמאכט זייערע קראמען און האבען זיך בעוואפענט מיט וואס זיי האבען נאר געקריגען: שטעקענס, שטיינער, פערשיעדענע ברעק אייזענס, געוויכטער א. ז. וו. און האבען אנגעהויבען שלאגען די רוסען; עס האט זיך אנגעהויבען איין אמת'ער פאגראם פון די יודען אויף די רוסען. דער צורייצטער יודישער המון האבען געשלאגען אלע רוסען, וואס זענען זיי נאר געקומען אונטערן האנד. די קריסטען, וואס זענען געשטאנען אויפ'ן מארק מיט זייערע פיהרען האבען געמוזט אוועקווארפען זייערע אנגעקויפטע סחורות און אנטלויפען א היים, כדי זיך צו ראטעווען דאס לעבען; איינער א משרת וואס זיין בעל־הבית האט איהם געשיקט איינקויפען אויפ'ן מארק, האט בעקומ'ען א שטארקען קלאפ מיט א קינזשאל אין האלדז און באלד ווי מען האט איהם געבראכט אין שפיטאל איז ער געשטארבען. עס זענען דא א סך שווערע און לייכטע פערוואונדעטע, נאר בלויס 7 פון זיי האט מען געבראכט אין שפיטאל, ארומגעבונדען די וואונדען און באלד צוריקגעפאהרען א היים, און נאך מעהר זענען אזוי מיט די אפענע וואונדען צוריקגעפאהרען אהיים. אבי מציל זיין דאס לעבען. דאס אלץ האט זיך אנגעהויבען 5 דעם זייגער פון אבענד; אין א האלבע שעה האבען אלע יודען פארמאכט זייערע קראמען. אז דער פאליצייםייסטער איז אנגעקומען צו דעם ארט וואו מען האט זיך געשלאגען צוזאמען מיט גארדאוואיעס, האבען זיך די יודען געטראגען ווי א שטורם ווינט גאנצע גרופעס ווייז צו 50 אין א גרופע מיט שטיינער און געוועהר, און האבען געשאסען אויף די פאזשארנע קאמאנדע, וואו די רוסען האבען זיך בעהאלטען. אז מען האט די יודען צעטריבע פון מארק האט זיך דער פריסטאוו צוריקגעקעהרט אין מארק, וואו זיי האבען זיך ווידער אנגעהויבען צונויפצוקומען. דער פאליצייםייסטער מיט אנדערע פאליציי האבען זיך געפונען אויף די נאהנטע גאסען, ווייל די יודען האבען זיך אלץ מעהר אנגעהויבען צונויפצוקלויבען; א סך יודישע סוחרים און פריקאזשטשיקעס האבען אונטערגעגעבען הייץ דעם המון זיך צו שלאגען. זאגענדיג, אז דאס איז נישט קישינוב, און זיי וועלען זיי שוין ווייזען. נעבען מארק איז זיך ווידער צונויפגעקומען א המון פון 300 מענשען בעוואפענטע און האבען אנגעהויבען צו פארווארפען די פאליציי מיט שטיינער. אויך פון די הייזער האט מען געווארפען שטיינער, פון אנדערע הייזער האט מען אפילו געשאסען מיט פיסטאלעטען, דערויף האבען די גארדאוואיעס געשאסען אין דער לופט און ערשט דענסטמאל איז זיך דער המון צעגאנגען. צולעצט האט מען ארויסגערופען סאלדאטען און אלע האבען זיך בערוהיגט. די וואס האבען געווארפען שטיינער פון די הייזער האט מען ארעסטירט. שבת דעם 30־טען אויגוסט איז פארביי רוהיג, די יודען זענען געגאנגען מיט צופרידענע געזיכטער און האבען איראניש געשמייכעלט: „דאס איז נישט קישינוב, דא זענען זיי מעהר זיי זענען אלע בעוואפענט און וועלען זיך לאזען זעהן".

זונטאג נאך 12 דעם זייגער, איז ארוים א קלאנג, אז הינטער'ן שטאדט נעמען זיך צוזאמען ארבייטער און ווילען מאכען א פאגראם. פאליציי האט גענומען שטרענגע מיטלען, נאר מאנטאג 12 דעם זייגער ווען די ארבייטער פון באהן זענען געגאנגען צו מיטאג, האבען די יודען ערגעץ אין עק שטאדט געשלאגען די רוסען. אז די ארבייטער האבען זיך דערפון דערוואוסט האבען זיי חרוב געמאכט איינינגע הייזער; באלד זענען דארטען אנגעקומען יודען בעוואפענט מיט וואס זיי האבען נאר בעקומען און געהענדיג האבען זיי שיער נישט צעבראכען א יודישע געוועהר־מאגאזין, וואו זיי האבען געפאדערט, מען זאל זיי געבען געוועהר און פאטראנעס. נאר די פאליציי האט זיי נישט דערלאזט. אלע יודען זענען געוועזען מיט עפיס בעוואפענט, און דערייבער האט מען געמוזט רופען סאלדאטען צו העלפען זיי ארעסטירען.

דערנאך האט מען אנגעהויבען אין די הינטערגאסען פון שטאדט צעברעכען יודישע הייזער, ווייל די סאלדאטען זענען אלע געוועזען אין צענטער פון שטאדט. מען האט חרוב געמאכט 140 יודישע הייזער. אויפ'ן מארק האט מען צעבראכען איינינגע נישט קיין גרויסע קראמען. ביים ארעסטירען האט מען ביי יעדען יודען געפונען עפיס א געוועהר. דיענסטאג זענען די יודען גאנצע פאמיליעס ווייז ארויסגעפאהרען פון שטאדט. דעם 3 סעפטעמבער, מיטוואך, איז דער מאהילעווער גובערנאטאר געקומען צופאהרען אין האמעל.

---

פון האמעל שרייבט מען אונז, אז די לאגע פון די פאראומגליקליכטע יודען איז שרעקליך. עטליכע הונדערט פאמיליעס זענען געבליבען אהן שום מיטעל צום לעבען און ברויכען באלדיגע הילף.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher Krakau Druck v. S. L. Deutchrer, Podgorze b. Krakau.

## נדבות
(דורך די אדמיניסטראציאן יודישע פאלקס-צייטונג אין קראקוי).

פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב:
ש. נ. פולמן, ורשה 1 רובל.

---

הנני מברך בשנה טובה את כל קרובי ומיודעי ולזכרון אהבה נתתי על יד מערכת הפאלקסצייטונג שלשה רו"כ לטובת השדורים בהומל

יעקב רמברג.

---

# קרית־ספר

## א מאנאטליכער ביבליאגראפישער זשורנאל פיר העברייאיש, זשארגאן און יודאיקא, רוסיש און פאלניש.

פרייז יעהרליך 1.50 רובל; ½ יעהרליך 85 קאפ.; ¼ יעהרליך 50 קאפ
ביז היינט ערשינען 3 העפטען.
פראספעקטען נאך פערלאנג אומזאנסט

2—3 אדרעסע פון הערויסגעבער: (253)

Книж. магазинъ Б. Шейнфинкеля Варшава, Золотая 63.
Buchhandlung B Scheinfinkel, Warschau, Zlota 63.

---

הוצאת „תושיה".

ספר חדש

# ארץ ישראל.

ספר למוד הגיאוגרפיה של ארץ ישראל עם מפה בעלת צבעים בעברית

מאת יהודה גרזובסקי.

וזה תכנו:
דברים אחדים
פרק א: מקום ארץ ישראל, שמותיה, גבוליתיה, גדלה וחלוקתה.
פרק ב: ההרים, העמקים והמדברות.
פרק ג: הימים והנחלים
פרק ד: שלטון הארץ, יושביה, עריה הגדולות ומושבות היהודים
פרק ה: תוצאות הארץ, האקלים, תכונת הארץ ואחדים מחקי הארץ.

2—5 מחירו 25 ק', פארטא 2 ק'. (252)

Издат. „Тушія" Варшава. — Verlag „Tuschija" Warschau

בע"פ: נובוליפקי 7 מעון 9.

---

# אינטערעסאנט, שען און וויכטיג

איז דער בעריהמטער אדעסער

## יודיש־רוסישער טעגליכער

# אבריים־קאלענדאר

## (ОТРЫВНОЙ КАЛЕНДАРЬ)

## אויף דעם יאהר 1904 (תרס"ד־תרס"ה)

(צווייטער יאהרגאנג)

דער אינטערעסאנטער אבריים-קאלענדאר איז זעהר שען און רייך געדרוקט פון ביידע זייטען אויף פיין פאפיער אין א וואונדער שענעם ארדנונג מיט א פיין איליוסטרירט ווענטל אין זעכס שענע פארבען.

אינהאלט פון קאלענדאר:

1) יודיש־רוסיש־אויסלענדישער דאטום, (אין יודיש, רוסיש, דייטש, פראנצויזיש, און פוילישע שפראכע).
2) זונן־אויפגאנג־זונן־אונטערגאנג,
3) צייט פון ליכט בענשען,
4) ראש חודש בענשען, מולדות,
5) וויכטיגע היסטארישע בעשרייבונגען,
6) יאהרצייטען פון יודישע גרויסע מענער,
7) אפאריזמען (ערהאבענע געדאנקען) שטראף־רייד,
8) טיראזשען פון די באנק־בילעטען,
9) פלאטץ אויף בעמערקונגען, (для замѣтокъ)
אויף דער צווייטער זייטע קומט.
10) וואונדער־שענע אנעקדאטען,
11) וויכטיגעס פיר יודען, היסטארישע ערקלערונגען וועגען ימים טובים און תעניתים,
12) וויסענשאפטליכע, אינטערעסאנטע און וויכטיגע ארטיקלען.

דאס ווערטע פובליקום וועט גאנץ איבערראשט זיין פון דיעזען וואונדער־שענעם אינטערעסאנטען וויכטיגען אבריים-קאלענדאר.

## פרייז 30 קאפ. מיט פארטא 40 קאפ.

4 קאלענדארען אויף איינמאל איז פארטא־פריי. — ווייניגער פון 10 קאלענדארען ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט. — לסוחרים ראבאט הגון.

Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ, Еврейская № 35.
Buchhandlung Gebrüder Bletnizky in Odessa (Russia).

(248) 15—4

---

# אתרוגים לולבים והדסים

ליעפערט גוט אונד בילליג די אין דער גאנצער וועלט בעקאנטע פירמא

**Hermann Rath, Triest**

Oesterreich.

ביטטע אויספיהרליכע פרייזליסטע צו פערלאנגען. (243) 6—6

---

## י. שעקמאן, ווארשא.

פאבריק פון זילבער 84 פראבע עט פלאטעע־וואארען. (128) 50 36




---

## НУЖНЫ АГЕНТЫ

231 50—18

для сбыта издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ со значительн. прибылью. Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. Каталоги и условія безплатно. Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ

---

פריוואט-אנשטאלט פון קינדבעטורין פון ד"ר וואוועלבערג, לעשנא 79, ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדבעטורינס אומזאנסט. פיר פערמעגליכע בעזונדערע צימער פאר צאהלונג. אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר פרויען-קראנקהייטען פון 10 ביז 12 (20—14) פריה. 231

## בוכבינדער-געהילפען

ווערדען געברויכט ביי

S. BANDET, Buchbinder

**Krakau,**

Krakauergasse 25 (Oesterreich).

## היימישע מיטטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7,

26-יה אין טהויער, 2 שטאק. (192)

---



Оптическо-Хирурги-ческой складъ

И. ПИКЪ

Налевки 35 Варшава

ברוכבענדער עלעקטרא - גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען געגנצליך איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער. ברוך- און בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס און הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע און שוואכע ראיה, ווי אויך אללע אפטישע און חירורגישע ארטיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק

**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**

אלץ ווערד צוגעפאסט דורך ספעציאליסטען

234 — 25 11

---

## 1000 ביז 2000 רובל זייטיגע הכנסה יעדעס יאהר

קען האבען יעדער, וועלכער פאר 100 ביז 600 רובל (מען קען אויסצאהלען אין ראטעס) שאפט זיך איין פון אונז א מאשינע מיט א בעשרייבונג, וועלכע לערנט אויס ווי איינצוארדענען א זאוואד אליין אהן שום הילף פון איין אנדערן און אהן שום לערנען פאר דעם, ווי צו מאכען אלערליי סארטען געטרענקע פון פרוכט, יאגדעס, סעלטערס און אנדערע מינעראל-וואסער, נערשיעדענע קוואסען, פראנצויזישע געטרענקע און וויין; סידר, שאמפאניער, אריענזישען א. ד. ג. — דעם חשבון וואס דאס דארף קאסטען אין פאלשטענדיגען פראקטישען פרייז קוראנט מיט אילוסטראציעס שיקט ארויס פאר צעהן זיבענקאפעקעדיגע פאסט-מארקען די פאבריק פון מאשינען:

6—3 (237)

Фабрика машинъ ПИПО и Ко. въ Варшавѣ,

Грибная ул, собств. домъ № 15н.

---

# בשורה נעימה!

## צאת לאור ספר תולדות ישראל מציר!

ללמד את ילדי בני ישראל את ההיסטריה הבבלית עם קצור דברי ימי עמנו עד חתימת התלמוד, בשפת עבר על טהרת הקדש עם תרגום רוסי. מאת הבלשן הנודע המדקדק והמבאר הר' יצחק ווארשאווסקי, שרק ההיסטריה העברית הזאת לבדה מאשרת מטעם הממשלה בתור ספר למוד ההיסטריה הבבלית (УЧЕБНИКЪ по Библейской Исторіи) יצא לאור בתבנית מפוארת על נייר יפה ודפוס יפה נחמד למראה. עם ציורים רבים מהדרים ועם הוספות ותקונים והערות כרנלגיות ובאוריות בשפת רוסיה מאת המחבר, למען אשר ימצאו בו תועלת רבה מבין עם תלמיד. ואף כי ההוצאה הזאת עלתה בדמים מרבים מאד. עכ"ז קצבנו את מחיר הספר רק 60 קאפ׳, עם פארטא 75 קאפ׳ וע"י נאכנאהמע 85 קאפ׳. לסוחרי ספרים ולבתי ספר רבאט הגון.

אדרעסע: 255

**Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.**

---

## „אגאטאל"-גורסקי, ווארשא. לעשנא № 4

דאס בעסטע מיטעל צום רייניגען די צאהנער,

פערהיטעט זיי פון פוילען און ווייטוג אין בלעכענע שעכטיל צום פרייז

20 קאפ׳ און 30 קאפ׳. פארדערן איבעראל. (125)

---

# ראזירען אהנע מעססער!!!

מיינע אנטיסעפטישע ראזיר-פודער איז דאס בעסטע דער וועלט פיר הערען אויך פיר דאמען. אין איין פאאר מינוטען קאנן יעדער מענש זיך זעלבסט אהנע מעססער ראזירען, דיא האארע פאלען אויס אונד די הויט ווירד זויבער און ווייס. מיין פודער איז ווייס, שמעקט וויא פארפום-זייפע, אונד איז פאן דעם בעלגישען שטאאטס-לאבאראטאריום אונד גראסען ערצטען אלס אונשאדליך גאראנטירט.

איינע שאכטעל פראנקא קאסטעט 2 50 פראנק, 2,40 קראנען, 2 מארק, 2 שיללינג, 1 רובל. 3 שאכטעל 2 רובל 12 שאכטעלן 5 רובל. 24 שאכטעלן 8 רוב. געלד מוז מאן פאראויס איינשיקען פער נאכנאהמע, ווירד נישט געשיקט

**J. B. Sakolsky, Wolf-Str. Nr. 2**

**Antwerpen (Belgien).**

---

איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך זינד נור „אלעקסאנדערס"



## נייעס!! נייעס!!

### ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, און נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך געגנצליך אויסגעהיילט. — זיי האלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער, ווערענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. **בויכבענדער** פיר פרויען, עלאסטישע גוממי שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמערוידען, אויך אנדערע כירורגישע און אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**

подъ фирмою **Александеръ**

Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענדער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגינאלע מיט'ן סטעמפעל פון אונזער פירמא.

וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יענינע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל.

149 — 50 19

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**

Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная падверная доска, красиво гравирòванная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штепеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ.

**Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп дороже.**

Адресовать:

**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственымъ банкомъ).

Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно.

---

## פאריזער נייעסטע מאדעלע

עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן

דאמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאסטיומען

**ד. בעראדאווסקי ווארשא, לעשנא № 9 וואהנ. 4**

אויפס פערלאנג פערפערטיגע אללער ארט בעשטעלונגען

25—18 אין 24 שטונדען. 147



---

## פאבריק פון אייזערנע קאסעטקעס (קליינע קאסעלעך)

# A. LAMPRECHT

CZERNIAKOWSKA 98, W WARSZAWIE

עמפפעהלט אויטאמאטישע שפאר-קאסעס שטארק און שען געארבייט.

אנגרא פערקויף אין דער פאבריק

240 איינצעל פערקויף אין ווארשא ביי: 8—8

K. BRUN, PLAC TEATRALNY.